זאב וואָלף ברעסלער

# ווען
# בן-גוריון
# איז
# אנטלאָפן

פאַנטאַסטיש טעאַטער־שטיק

אין 3 אַקטן און 18 בילדער

(3 קינאָ־בילדער)

מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג



בוענאָס איירעס, אדר א׳, תשי״ד

לזכרון עולם דעם ליכטיקן אָנדענק
את נשמת זוגתי פון מיין פרוי

יהודית קלעפּקאַרטשיק-ברעסלער

ע ל י ה ה ש ל ו ם

# אינהאַלט פון די בילדער:

## ערשטער אַקט

בילד 1 — פּ ר אַ ל אַ ג; 1914, בן-גוריון אָרגאַניזירט דעם 1טן מאַי די ייִדישע און אַראַבישע אַרבעטער.

בילד 2 — קינאָ-בילד אין פּראַלאַג; אַ קאַראַוואַן פון בעדואינער מיט זייערע קעמלען.

בילד 3 — 1953 אין קיבוץ „אחדות העבודה".

בילד 4 — אין אַן אַראַבישן דאָרף.

בילד 5 — קינאָ-בילד; אַ האַרעם פון אַן אַראַבישן שייך.

בילד 6 — אויף דער גרעניץ פון סיריע און די אַרבעטן פון אויסטרוקענען די זומפּן.

בילד 7 — די אַרבעט ביי דער ברוק „בנות יעקב"; דער איבערפאַל פון סי-רישע מיליטערישע כוחות און דער ווידערשטאַנד פון „צבא הגנה לישראל".

## צווייטער אַקט

בילד 8 — אַ מאַסן-מיטינג פון אַרבעטסלאָזע און פון פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען אין מדינת ישראל.

בילד 9 — קינאָ-בילד; עס קומט אָן אין פּאָרט פון חיפה די ערשטע דייטשע שיף מיט סחורות פון די רעפּאַראַציע-געלטער; אַ פּראָטעסט-מאַ-ניפעסטאַציע פון רעוויזיאָניסטן און קאָמוניסטן; געשלעגן און פּאָ-ליציייִשע אַרעסטן.

בילד 10 — אַ זיצונג אין רעגירונגס-הויז אין ירושלים; דער מיניסטאָרן-קאַבי-נעט מיט בן-גוריונען בראש.

בילד 11 — אַ זיצונג פון פּאַרטיי-ראַט פון „מפא"י".

בילד 12 — א זיצונג פון „דזשואיש קאמיטע" און סתם רייכע יאהודים אין ניו-יארק.

בילד 13 — א זיצונג פון מיניסטארן-ראט (ווי אין בילד 15).

בילד 14 — בן-גוריון אויף א באזוך ביים „חזון איש" אין בני-ברק.

## דריטער אַקט

בילד 15 — א געהיימע זיצונג פון דעפוטאטן, רעדאקטארן, אפיצירן פון „הגנה", פארטיי לידערס און פני-העיר אין תל-אביב. די זיצונג ווערט געפירט פון בן-גוריון אונטער דעם נאמען: „דער אמת ביי געשלאסענע טירן".

בילד 16 — בן-גוריון האלט זיין היסטארישע רעדע אין „כנסת". ביי... קליידישע בענקלעך... אבער זיין רעדע הערט דאס גאנצע יידישע פאלק.

בילד 17 — א זיצונג פון ועד הפועל הציוני; א דיסקוסיע איבער בן-גוריונס היסטארישן בריוו פון רעזגנאציע אלס ראש הממשלה.

בילד 18 — אין דער פריוואט-וואוינונג פון בן-גוריון אין תל-אביב; דוד בן גוריון פארלאזט זיין הויז און גייט אוועק קיין שדה-בוקר.

בילד 19 — בן-גוריון האלט זיין רעדע אין ראדיא „קול ישראל" אין תל-אביב.

בילד 20 — גראנדיעזער קבלת-פנים לכבוד בן-גוריון אין שדה-בוקר.

בילד 21 — ע פּ י ל א ג; 1956 — א דעלעגאציע פון ישוב ביי בן-גוריונען אין שדה-בוקר מעלדעט אים, אז ער איז ווידעראמאל איינגעפא-דערט געווארן זיך אומצוקערן צו זיין היינטיקן אמט פון ראש הממשלה פון מדינת ישראל.

# פֿאַרשוינען, אָנטיילנעמער

| | |
|---|---|
| דוד בן-גוריון, | פינאַנץ-מיניסטער |
| חזון-איש | בילדונגס-מיניסטער |
| גענעראַל בעניקע | פּאָלאַ בן-גוריון |
| גענעראַל בעל-דין | עמוס בן-גוריון |
| האַנדלס-מיניסטער | טעכטער און איידעמס פון בן-גוריון |
| אינזשעניער בונה | „עוזרת" מזל |

מליץ (אַ טעאַטער-פיגור, גרינעם קאָסטיום, בלוי-ווייסע פּעלערינע, גרין מיצל מיט אַ טראַלץ אויפן קאָפּ, סאַנדאַלן, פון הינטן אויף דער פעלערינע אויפגעמאָלט אַ גרויסער פראַגע-צייכן).

פּאַרטיי-פירער פון: מפא"י, ציונים כללים, מפּ"ם, רעוויזיאָניסטן, מזרחיסטן, השומר הצעיר, אגודות ישראל, בונדיסטן און קאָמוניסטן.

דעלעגאַציע פון דריי אַמעריקאַנער יידן קאַפּיטאַליסטן מיט זייערע פרויען. „יאהודים" פון נאָרד-אַמעריקאַנער דזשואיש קאָמיטעט.

אין די מאַסן-סצענעס באַטייליקן זיך: יידישע און אַראַבישע פּאַסטוכער און אַרבעטער, שומרים, סאָלדאַטן פון „צ ה"ל" און מיידלעך פון „ח. נ.", תלמידים און תלמידות, מורים ומורות, שוטרים-פּאָליציי, שמש, פרומע יידן, אַרבעטסלאָזע א"אַ.

צייט: 1914 פּראָלאָג; 1953 אַלע בילדער; 1956 עפּילאָג.

## פּראָלאָג

(איידער עס הייבט זיך אויף די פאָרהאַנג דערשיינט אין פאָדערגרונט פון דער בינע דער מליץ, האַלט אין האַנט אַ טאַץ און אַ שטעקעלע, טוט אַ קלאַפּ אין טאַץ, פאַרנייגט זיך פאַרן עולם און זאָגט)

מ ל י ץ : זייער חשובער עולם! מיינע דאַמען און הערן! חברים און חברות! ציוניסטן און אַנטיציוניסטן! ציוניסטן פון אַלע פּאַרטייען, ציוניסטן פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס! ציוניסטן פון „מפא"י, פון מפּם, פון חרות, פון מזרחי, און פון ציונים כלליים און ציונים פּראָגרעסיווע! דער מחבר פון דעם דאָזיקן טעאַטער-שטיק האָט מיר געהייסן אייך זאָגן, איידער עס הייבט זיך אויף די פאָרהאַנג, אַט וואָס:

„ווען בן-גוריון איז אַנטלאָפן" איז אַ פאַנטאַזיע, געבוירן געוואָרן ביים מחבר אין געדאַנק, נאָכדעם ווי דער גרויסער היסטאָרישער מנהיג אונדזערער האָט געלייגט זיין הויכן אַמט פון סגן המיניסטר און איז אַוועק קיין שדה-בוקר ווערן צוריק אַ חלוץ און אַ רועה צאן, אַזוי ווי ער איז דאָס געווען מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק.

אין משך פון קאַרגע דריי שעה צייט שפּיגלט זיך אָפּ אין 18 בילדער דאָס אַלץ, וואָס בן גוריון האָט איבערגעלעבט אין משך פון די לעצטע 2—3 יאָר. דאָס שטיק רופט זיך אַ פאַנטאַסטיש טעאַטער-שטיק, ווייל דער מחבר האָט צונויפגעקליבן פאַרשיידענע היסטאָרישע מאַטעריאַלן און עפּעס צוגעגעבן פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע, כדי צו שאַפן דעם טעאַטער-ספּעקטאַקל.

ד"ר הערצל האָט געזאָגט: אם אתם תרצו אין זו אגדה! איך זאָג אייך: אויב איר ווילט איז דאָס גיט קיין פאַנטאַזיע, נאָר אַזוי איז געווען די ווירק-

לעבקייט!!! ודי לחכימא ברמיזא!!! און אט וועט איר זעען דאס פאנטאס-טישע טעאטער-שטיק:

(טוט א קלאפ אין טאץ, פארגייגט זיך, גייט אפ. עס לאזט זיך אראפ פון דער הייך די אויפשריפט:)

1914

# PALESTINE ארץ־ישראל

# ודוד היה רועה צאן

## בילד 1.

(איידער עס הייבט זיך אויף די פארהאנג הערט מען דאס פייפן פון די פאסטוך־פלייטלעך און א געזאנג פון אראבישע און העברעאישע לידער).

אויף א פריי האלב וויסט פעלד פאשען זיך שאף, אראבישע און יידישע פאסטוכער ליגן אויפן גראז און שמועסן, זינגען און פייפן. די זון האלט ביים אויפגיין, די אראבישע פאסטוכער בוקן זיך און זיינען מתפלל: אלא!!! אלא!!! אלא!!!

אין ווייטן הינטערגרונד זעט מען אנקומען די שטיינער האקער, מען הערט דאס קלאפן פון די האמערס אין די שטיינער, אלע קולות מישן זיך אוים, די געזאנגען מיט די קלעפ פון די האמערס).

## בילד 2

אין ווייטן הינטערגרונט גייט אויף די זון, בעדואינער פירן א קאראוואן; פון קעמלען, בערג און טאלן, עס ציט זיך דער קאראוואן לערך איין מינוט צייט. די סצענע ווערט באגלייט מיט אריענטאלישער מוזיק.

(סוף פון קינא-בילד)

פון דער זייט קומט אן דער יונגער פאסטוך דוד בן-גוריון מיט א שטעקן אין האנט.

דוד בן־גוריון: שלום לכם, אחי וחברי!

אלע: (שטייען אויף) שלום וברכה, דוד בן-גוריון!

דוד ב. ג.: (טוט א פייף מיט זיין טרומייטל און שרייט:) חברים, ארבע-טער און פויערים! קומט אלע אהערצו! פארזאמלט אייך דא אויסצוהערן דעם רוף פון פרייהייט!

(עס קומען אן חלוצים און חלוצות, אראבישע ארבעטער און פויערים, מיט די שפאדליעס און סערפן אויף די פלייצעס. דוד ב. ג. וואקסט אויס אויף א בארג שטיינער און הייבט אן זיין ערשטע רעדע:)

— חברים, ארבעטער און פויערים, יידן און אראבער! היינט, מיטן אויפ־גיין פון דער זון פון מיזרח, הייבט זיך אן דער טאג פון 1טן מאי! דער טאג פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער יום-טוב! דעם טאג האט דער אינטערנאציא־נאלער פראלעטאריאט איבער דער גארער וועלט פראקלאמירט זיין יום-טוב, דער יום-טוב פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. מיר דא, אין ארץ־ישראל, מיר יידישע און אראבישע ארבעטער און פויערים פון שטאט און דארף, פראקלאמירן היינט אונדזער יום-טוב פון אחדות העבודה, אונדזער אייניקייט און קאמף פאר א בעסערן מארגן! א קאמף קעגן די עקספלאטאטארן און אויס־נוצער פון מענטשלעכער פראצע! א קאמף קעגן די וואס ווילן אונדז צעטיילן אין פארשיידענע מחנות און לאזן נישט אונדז זיך ארגאניזירן צו קענען עסן א שטיקל ברויט צו דער זעט און צו העכערן אונדזער מענטשלעך ארעם לעבן! א קאמף קעגן די וואס רייצן אן און צעטיילן די ארבעטער, כדי צו קענען זיי מער פארשקלאפן און הערשן איבער זיי! היינט וועט דא געשאפן ווערן די ערשטע באזע פאר א גרויסער פרייער ארבעטער-ארגאניזאציע פאר אלע ארבעטס מענטשן אין ארץ-ישראל, פאר יידן און אראבער! היינט אין דעם טאג פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער יום-טוב, דעם 1טן מאי, ווען עס פלאטערן איבער די קעפ די רויטע ארבעטער פאנען און עס ווערט אפגעשטעלט די ארבעט, וועט דא אין ארץ-ישראל צום ערשטן מאל פראקלאמירט ווערן דאס שאפן פון א שטארקער ארבעטער ארגאניזאציע, וואס זאל פארטיידיקן די רעכטן פון יידישן און אראבישן ארבעטסמאן אין ארץ-ישראל. (אלע אפלאדירן).

(עס ווערט ארויפגעצויגן די רויטע פאן פון איין זייט און די בלוי-ווייסע פאן פון דער אנדערער זייט).

חברים! אט דארט נישט ווייט פון דאנען, האט זיך שוין אנגעהויבן בויען א נייע יידישע שטאט, וואס רופט זיך תל-אביב, וויל געקומען איז דער פרילינג פארן יידישן ארבעטס מענטש אין זיין אלט נייער היים, ווי עס האט פארגעזען דער גרויסער וויזיאנער, ד"ר ב. זאב הערצל, וועמענס 10טן יארצייט מיר פייערן דעם קומענדיקן כ"תמוז. איך און מיינע חברים און חברות, וואס זיינען געקומען אהערצו אנגעזאפט מיט דעם הייסן אידעאל פון שיבת ציון, ווילן צוזאמען מיט אייך שמידן דעם גורל פון דעם פאלק אין לאנד פון אונדזערע אבות. מיר שטרעקן אייך אויס אונדזערע הענט, חברים ארבעטער, יידן און אראבער, מיר ווילן א פעסטע ברידערלעכע פאראייניקונג, דען נאר מיט פאר־אייניקטע כוחות וועלן מיר אלע אונדזערע שונאים באזיגן! זאל לעבן דער ער־שטער מאי! זאל לעבן און שאפן א פעסטע פאראייניקטע הסתדרות העובדים הכללית אין ארץ ישראל! היינט, מיטן אויפגיין פון דער זון ביז שקיעת החמה איז יום-טוב ביי אונדז, ארבעטער און פויערים, לייגט אוועק די ארבעט און לאמיר אנהייבן דעם יידישן און אינטערנאציאנאלן ארבעטער יום-טוב מיט געזאנג און טאנץ, הידד! הידד! הידד! (אלע: הידד!!!).

אבער, חברים! בעת איר, אראבישע ארבעטער און פויערים האט בלויז צו פירן איין איינציקן קאמף, דעם קלאסן-קאמף מיט דעם פארשאלטענעם רע־

זשים פון אייערע אראבישע באדריקער און פריצים, די רייכע עפענדים, האבן אבער מיר, יידישע ארבעטער און פויערים, מיר די יידישע ארבעטער און חלוצים פון די שטעט און קיבוצים, צו פירן א קאמף פאר אונדזער נאציאנאלער באפרייאונג! מיר ווילן מיט אונדזער ארבעט און שאפן, מיט אונדזער שוויס און בלוט ווילן מיר שאפן א יידישע מלוכה אין לאנד פון אונדזערע אבות און גלייכצייטיק שאפן א סאציאליסטישע ארדענונג פון גלייכהייט און פרייהייט! מיר ווילן באפרייען אונדזער געדרודפט יידיש פאלק און עס איינזאמלען אין דעם אלטניילאנד ארץ-ישראל און מיר קעמפן פאר א מענטשלעכער באפרייאונג אויף יסודות פון יושר און צדק אינעם גייסט פון אונדזערע נביאים. מיר ווילן דא שאפן אזא מלוכה ווי מיר, די מענטשן פון ארבעט זאלן האבן די דעה איבער דעם לאנד! און דאס אלעס, די מענטשלעכע און נאציאנאלע באפרייאונג וועלן מיר נאר קענען דערגרייכן ווען אין אונדזערע רייען וועט הערשן אחדות און שלום. מיר, די חלוצים פון היינט מוזן ווערן די בעלי-בתים פון לאנד פון מארגן! עס מוז פראקלאמירט ווערן א יידישע און אראבישע אייניקייט. עס מוז אויפהערן דער שינאת-חינם, וואס אייערע עפענדים פארשפרייטן צווישן די מאסן, כדי נישט צו דערלאזן אנצינדן אין אייערע מוחות א ליכטיקן און רעוואלוציאנערן געדאנק, כדי אייך ווייטער צו האלטן אין דער פינצטערניש, בעת אין דער גאנצער וועלט האט שוין דער פראלעטאריאט לאנג דערוואכט און געפרואווט נעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט!

איך פרעג אייך, חברים אראבישע ארבעטער און פויערים! פארוואס זאלט איר אראבישע ארבעטער נישט קענען לעבן בשלום מיט אונדז? צי טיילט אונדז דען נישט איין גורל? מיר, יידישע ארבעטער און חלוצים זיינען אהערגעקומען פון די ווייטע אייראפעאישע מיזרח-לענדער, פארהאסט און פארפאלגט פון פאגראמען און רציחות, פון רעכטלאזיקייט פון די צארישע דעספאטן און מערדער! מיר זיינען פארפאלגט ווייל אין אונדז פליסט בלוט פון אונדזערע אלטע נביאים, וואס נאך מיט טויזנטער יארן צוריק זיינען זיי געפייניקט און געמארדעט געווארן פאר זייער פריי ווארט, פאר זייער פריידיקן גלייכהייט און יושר אין מענטשלעכן לעבן! מיר קענען דארט נישט לעבן ווייטער, און מיר זיינען געקומען קיין ארץ-ישראל באארבעטן די וויסטע פעלדער, וואס זיינען אזוי פארלאזט געווארן זייט מיר יידן זיינען פון דאנען פארטריבן געווארן מיט צוויי טויזנט יאר צוריק! מיר ווילן, צוזאמען מיט אייך, אראבישע ברידער אונדזערע, דאס לאנד באארבעטן, די מידבריות ווילן מיר מיט אונדזער שוויס פארוואנדלען אין בליענדיקע גערטנער און תבואות פעלדער! צוזאמען מיט אייך, אראבישע ברידער חברים, ווילן מיר יידן זיך און אייך גליקלעך מאכן, ווייל איר זייט שוין טויזנטער יארן פארפינצטערט און פארשקלאפט פון אייערע רייכע מאכט-באזיצער, וואס האבן אייך מיט אייערע פרויען און קינדער אזוי פארשקלאפט! איך רוף אויס צו אייך, היינט, אינעם טאג פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער יום-טוב, שלום! אונדזערע שומרים, וואס וואכן בייטאג און ביינאכט צו באשיצן אונדזער האב און גוטס, טארן מער נישט דינען אויף צו פארגיסן בלוט פון ארבעטער און פויערים! איר, אראבישע

שומרים און ארבעטער, געדענקט, אז איר טארט מער נישט לאזן זיך אנרייצן אויפצוהייבן א האנט צו פארגיסן דאס אומשולדיקע בלוט פון אייערע ברידער ארבעטער, די יידן, ווייל איין געמיינזאמער ציל פאראייניקט אונדז, און דאס איז ד י ר ע כ ט ן א ו י ף א ר ב ע ט ! רעכט אויף א בעסער לעבן פאר אונדז מיט אונדזערע פרויען און קינדער ! דאס איז דער ציל פון היינטיקן ארבעטער יום-טוב פון 1טן מאי ! זאל לעבן די פאראייניקונג פון אראבישן און יידישן ארבעטס מענטש ! זאל לעבן דער ערשטער מאי ! זאל לעבן א זעלבסט-שטענדיקע יידישע מלוכה אין ארץ-ישראל ! זאל לעבן א שטארקע ארבעטער ארגאניזאציע אין ארץישראל ! זאל לעבן די פרייהייט, גלייכהייט און ברידער-לעכקייט ; ש ל ו ם ! ש ל ו ם ! ש ל ו ם ! ה י ד ד ! ה י ד ד ! ה י ד ד !

(עס קומען אן דעלעגאציעס פון ארבעטער און חלוצים מיט טראנספא-ראנטן : תל-אביב, יפו, פתח תקוה, ראשון לציון, א״א).

א ר ב ע ט ע ר : (מיט א פרייד) עס זיינען אנגעקומען ארבעטער דעלע-גאציעס פון תל-אביב און אנדערע שטעט און קיבוצים ! ! !

ד ו ד ב. ג.: אט איז א דעלעגאציע פון דער ערשטער יידישער שטאט, וואס האט זיך מיט פינף יאר צוריק אנגעהויבן בויען, זייט באגריסט חברים פון דער נייער ערשטער יידישער שטאט תל-אביב ! (אלע שרייען: זאל לעבן תל-אביב! יחי תל-אביב!

ד ע ל ע ג א ט פ ו ן ת ל - א ב י ב : מיר זיינען געקומען א דעלעגא-ציע פון דער ערשטער יידישער שטאט תל-אביב, כדי צו באטייליקן זיך אין דעם היינטיקן אינטערנאציאנאלן ארבעטער יום-טוב פון 1טן מאי ! שלום חברים נכבדים! שלום בן-גוריון! מיר זיינען מיט אייך! מיר האבן דעם כבוד אייך איינצולאדן צו דער גרויסער אקאדעמיע, וואס מיר אין תל-אביב ארדענען איין צום צענטן יארצייט פון דער פטירה פון אונדזער גרויסן מנהיג ד״ר בנימין זאב טעאדאר הערצל, וואס פאלט אויס דעם קומענדיקן כ״ תמוז ! זאל לעבן דער 1טער מאי! זאל לעבן ארץ-ישראל!

ד ו ד ב ן - ג ו ר י ו ן : מיר באגריסן אייך, חברים פון תל-אביב און יפו א. א. מיר נעמען אן אייער איינלאדונג און מיר זיינען מיט אייך ווי איר זייט מיט אונדז !

(עס קומען אן דעלעגאציעס פון קיבוצים מיט רויטע און ווייסבלויע פענער).

איר זעט, חברים ! אונדזערע רייען פארגרעסערן זיך ! זאלן לעבן די אר-בעטער קבוצות! זאל זיין געבענטשט די ערשטע יידישע שטאט פון ארבעט און שאפן אין ארץ-ישראל, די שטאט תל-אביב, וואס איז דער סימבאל פון יידישן כוח און מוט, פון יידישן אויפבוי און יידישן שאפן ! זאל לעבן די אייניקייט פון די ארבעטער-מאסן אין ארץ-ישראל ! זאל לעבן דער ערשטער מאי ! זאל לעבן א יידישע מלוכה אין ארץ-ישראל !

(אלע : זאל לעבן ! הידד ! יחי !).

א ר ב ע ט ע ר: חברים, לאמיר ענדיקן דעם ארבעטער יום-טוב מיטן געזאנג פון דער פועלי-ציוניסטישער שבועה!

2טער א ר ב ע ט ע ר: צום ערשטן לאמיר זינגען דעם אינטערנא-ציאנאל! לכבוד דעם 1טן מאי!

ח ל ו ץ: צום ערשטן לאמיר זינגען די „התקוה"! מיר זיינען קודם-כל חלוצים, קינדער פון די בילוים, בית יעקב לכו ונלכה! מיר זינגען צום ערשטן די „התקוה".

(עס הייבן אן זינגען: מיר הייבן די הענט קעגן מיזרח און שווערן!

(עס הייבן אן זינגען יונגעלייט אין רויטע רובאשקעס דעם ארבעטער אינ-טערנאציאנאל. עס ווערט א מישמאש פון קולות).

ב ן - ג ו ר י ו ן: (צעוויקלט די בלוי-ווייסע פאן און שרייט אויס): צום ערשטן „התקוה"! (עס ווערט א ווײַלע שטיל, דרוקנדע שטימונג, קורצע פויזע) אונדזער יידישער נאציאנאלער הימן איז: עוד לא אבדה תקותינו! אן דער יידישער נאציאנאלער באפרייאונג קען נישט מעגלעך זיין די מענטש-לעכע באפרייאונג! מיר זיינען צום ערשטן יידן, חלוצים און מיר זינגען צום ערשטן די „התקוה".

(מען הייבט אן זינגען די „התקוה", עס גרופירט זיך א גרופע פון רויטע רובאשקעס וואס זינגען דעם אינטערנאציאנאל, א צווייטע גרופע הייבט אן זינגען די פ. ציוניסטישע שבועה, יעדע גרופע מארשירט אין אן אנדערער ריכטונג, ב. גוריון בלייבט אליין מיט די חלוצים און חלוצות אין די ווייס בלויע רובאשקעס, און זינגען מיט די „התקוה").

(מען זעט ביידע פענער הויך געהאלטן, די רויטע און די ווייסבלויע).

מ ל י ץ: (דערשיינט פלוצים פון דער לינקער זייט. פארווארפט די פאלערינע אויפן אקסל און צעלאכט זיך. רופט אויס סארקאסטיש:)

פראלעטאריער פון אלע לענדער פאראייניקט אייך!!! כא, כא, כא, כא, כא!!! בן-גוריון וויל לעשן צוויי שרפות מיט איין מאל! ער וויל ציאניזמוס און סאציאליזמוס! די צייט וועט אלעם ווייזן!!!

(אזוי ווי די לעצטע גרופע מיט בן-גוריונען בראש מארשירן אפ פון דער בינע, גייט פון הינטן דער לעצטער, דער מליץ. מען זעט פון הינטן אויף זיין פלייצע אויפגעמאלט א גרויסן פראגע צייכן, ער טראגט אין דער הויך א גרויסן זייגער, פארהאנג פאלט פאמעליך אונטער די קלאנגען פון דער „ה א ר מ א-נ י ע" פון די ארבעטער הימנען מיט „התקוה".)

**בילד 3**

אויפשריפט:

| |
|---|
| 1953 |
| **מדינת־ישראל** |
| **קיבוץ „אחדות העבודה"** |

חלוצים און חלוצות זיינען פארטועו אין דער ארבעט. מען זעט מעלקן א קו, אייניקע שלעפן טאטשקעס מיט ערד, אייניקע טראגן שפאדליעס, אייניקע האקן שטיינער, מען פארעט זיך ביים חדר־האוכל, עס זשומעט ווי די פליגן. מען הערט טייל זינגען ביי דער ארבעט, אין ווייטן הינטער־גרונט זעט מען רישטאוואניעס און מויערער שלעפן ליים און ציגל און מען בויט, עס איז מיטאגצייט.

1טער חלוץ: יא, ווען עס זאל איצטער אנקומען א גאסט פון אויסלאנד און זיך צוקוקן צו אונדזער מוסטערהאפטער אנפירונג און הארמאנישער צוזאמענארבעט וואלט ער זיכער ארויסגעטראגן דעם בעסטן אורטייל וועגן אונדז. אין דער אמתן אבער זיינען מיר אינערלעך צעפוילט פון קינאה און שינאת חינם! דאס אלץ איז נאר בלויז אויסערלעך, לשם מראית העין!

2טער חלוץ: נו, טא ווער איז אין דעם אלעמען מער שולדיק אויב נישט איר די מפא"יניקעס? איר זייט דאך היינט די מיוחסים, עס איז דאך אייערע רעגירונג, די רעגירונג פון בן־גוריון, און מיר, די מפמניקעס זיינען דאך אין דער אפאזיציע, ווייל איר פירט אן אויסגעשראכענע פארטיי פאליטיק, און מיר אלע דא פילן עס אויף טריט און שריט!

3טער חלוץ: איר מפא"ניקעס וועט נאך דערפירן מיט אייער אויסגעשפראכענער שאוויניסטישער רעאקציאנערער פאליטיק אין די קיבוצים און אומעטום וואו איר באקומט דעם איינפלוס, וועט איר נאך דערפירן, אז אפילו אין דער היסתדרות זאלט איר ארייננברענגען רייבונגען און שפאלטונגען מיט שינאת חינם פון אייגענע חברים לעבודה!

4טער: רעדט נישט קיין שטותים און לאז דיך נישט פארפירן פון דיינע נארישע קאמוניסטישע מפמניקעס! די הסתדרות וועט אייך קיינמאל נישט געלונגען צו צעברעכן, איר וועט אייך פריער די קעפ שפאלטן איידער איר וועט שפאלטן די היסתדרות, איר אגענטן פון מאסקווע! וואס טוט איר דא אין אונזער קיבוץ, אין קיבוץ אחדות העבודה? איר ווילט דאך נאר פריידיקן אייניקייט, ווייל איר מיינט אז אזויארום וועט אייך געלונגען

צוצוקומען צום רודער פון דער מלוכה און קענען פארבאפן די קיבוצים און די ארבעטער קאאפעראטיוון, ניין! ,

2טער חלוץ: מיר זיינען די אגענטן פון מאסקווע, און ווער זענט איר, אויב נישט די אגענטן פון נארד אמעריקאנער אימפעריאליזם, וואס וויל גאנץ מדינת ישראל פארמישכונען צו די נארד אמעריקאנער וואלסטריט? איר אגענטן פון וואשינגטאן! איר זענט די פאררעטער פון מדינת ישראל! גערענקט, אז איר טראגט די אחריות פארן גורל פון מדינת ישראל, איר מיט אייער בן-גוריון, דער משרת און שטיוול-פוצער פון טרומאנען! (הייבט אויף א האנט. עס ווערט א געטומל. עס גרופירן זיך צדדים. מענער און פרויען. מען זעט פון ווייטנס עס קומען אן צום באזוך אויסלענדישע געסט, וועלכע ווילן באזוכן דעם קיבוץ).

שומר: (מעלדעט) חברים, עס איז אנגעקומען א דעלעגאציע פון אמער. יידן, זיי בעטן מען זאל זיי לאזן באזוכן דעם קיבוץ אחדות העבודה!

1טער חלוץ, ראש פון קיבוץ: מעלדעט זיי, אז זיי קענען ארייגקומען באקוקן דעם קיבוץ! חברים, איך בעט אייך, זאל איצטער הערשן שלום צווישן אונז, זאל מען נישט אונזערע מחלוקות ארויסטראגן אין גאס, איך בעט אייך! (עס קומט אן די דעלעגאציע) שלום אחינו ואחיותינו! שלום! (דעלעגאציע ענטפערט: שלום, שלום, מען באגריסט זיך קענגזייטיק).

1טער אמעריקאנער ייד: איך האב דעם כבוד זיך פאר-צושטעלן פאר אייך: איך בין דער טשערמאן פון יונייטעד דזשואיש אפיל אין טשיקאגא. דיזער פריינט (ווייזט אן אויף די אנדערע צוויי יידן) איז דער סעקרע-טאר פון קרן-קימת אין דעטראיט, און דער פריינד איז דער קאסיר פון קרן-היסוד שוין 20 יאר אין פילאדעלפיא. מיר זיינען געקומען צוזאמען מיט אונ-זערע פרויען אויף א באזוך אין אונדזער מדינת ישראל!

מליץ: (פון דער זייט) וואס איז א מוסטער פון אחדות ישראל און אחדות העבודה!

ראש הקיבוץ: נו ווי געפעלט אייך עפעס אונדזער מדינת ישראל?

אמעריקאנער: אה, וואונדערבאר! איך און מיין פרוי זיינען דאר אנטציקט פאר פרייד! מיר זיינען נעכטן געווען אין תל-אביב, מיר זיינען אויסער זיך פאר באגייסטערונג. נו און איצטער ווילן מיר זיך באקענען מיט אייער קיבוץ, וואס מען זאגט אונז, אז דאס איז א מוסטער קיבוץ פון יידישער גבורה, פון יידישער שאפונג און פון יידישער איניקייט!

ראש הקיבוץ: יא, יא, אן איניקייט וואלטן מיר אפילו נישט גע-קענט קיין איין טאג איבערלעבן! איר זעט, דאס אלץ האבן מיר געשאפן מיט אייגענער ארבעט, אונדזער אייגן בלוט און שווייס! דא איז אמאל געווען א נעץ פון מאלאריע פיבער, ווען די אראבער האבן דא געוואוינט, זיינען מיר געקומען

אהערצו, מיר יונגע חלוצים מיט דער גרויסער אידייע פון בנין הארץ, און מיר האָבן דאָ וואונדער באַשאַפן. פון די אַלע אַמאָליקע זומפּן האָט איר מער קיין שפּור נישט, און די ווילדע מידבריות האָבן מיר אין בליענדיקע פּרדסים פאַרוואַנדלט! אויב מיר האָבן היינט אַ יידישע מלוכה אין מדינת ישראל, האָט איר נאָר צו פאַרדאַנקען די אידעאַליסטישע חלוצים און חלוצות!

אַמעריקאַנער: נו, און מיר האָבן געגעבן געלט, אַז געלט וואָלט איר מיט אייער אידעאַליזם גאָרנישט געקענט אויפטון! (אַלע אַמעריקאַנער אַפּלאָדירן און לאַכן).

מפּמניק: אָבער איר אַמעריקאַנער ווילט פאַר דעם אַלעמען אַ צו טייערן פּרייז באַצאָלט! אייער פּרעזידענט מיסטער...

ראש הקיבוץ: חבר משה! אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער זיינען געקומען צו אונדז אויף אַ באַזוך און נישט צו פירן דיסקוסיעס וועגן פּאָליטיק!

אַמעריקאַנער: אָלרייט! אָלרייט! אָלרייט! לאָמיר זען וואָס איר שאַפט דאָ!

(מען פירט זיי אַרום וו״יזן. די קו מעקעט, הינער קוואַקען, הענער קרייען, אַ הונט בילט. די אַמעריקאַנער זיינען אַנטציקט, זיינען באַגייסטערט און ווייזן אַרויס זייער באַגייסטערונג. עס גרופּירט זיך אַ גרופּע קיבוצניקעס, מען איז מכבד די אַמעריקאַנער מיט אָראַנזשן און מיט פייגן און באַקסער. זיי עסן שטייענדיק און זיינען צופרידן און באַגייסטערט).

1טע פרוי פון אַמעריקאַנער: זע נאָר טשאַאַאַרלי! (באַגייסטערט) אַ יידישע ציג!

מאַן: דאָס איז נישט קיין ציג, דאָס איז אַ באָק. זעסט נישט, אַז ער טראָגט אַ באָרד! (אַלע לאַכן).

פרוי אַ באָק! טשאַאַאַרלי, דער באָק רעדט אויך העברעאיש?

מאַן: יעס, דזשעני! דאָ מוזן אַלע ריידן העברעאיש! אָבער זיי ריידן ענגליש אויך!... (לאַכן, אָלרייט! אָלרייט! אָלרייט! אַלע: אָלרייט!) אָבער דאָ אין ישראל רופט מען נישט טשאַרלי, נאָר הערשל!

אַמעריקאַנער: אָה, ווען מיר זאָלן אין אַמעריקע האָבן אַזעלכע טייערע אָראַנזשן! אָה, זיינען דאָס אָראַנזשן, מיסטער מאָריס, וואָס זאָגט איר עפּעס צו די אַ אָראַנזשן? שוין איינמאָל אָראַנזשן! הע?

פרוי: אָה, (קייעט) ווילי! פאַרזוך נאָר די פייגן, אָה זיינען דאָס פייגן! זיי צעגייען אין מויל!

(מען ברענגט אַריין אַ טעלער טאָמאַטן, זיי עסן טאָמאַטן, איינער באַשפּריצט זיך די הויזן).

פרוי: זע נאָר טשאַאַרלי...

מאַן: נישט טשאַרלי, נאָר הערשל האָב איך דיר געזאָגט.

פרוי: זע נאָר די הויזן וואָס דו האָסט דיר איינגעשפּריצט!

מאַן: אַ געשעפט, עס האָט אַלץ די ווערט! דזשעני, וואָס זאָגסטו עפּעס צו אונדזער אייגענע יידישע מלוכה און יידיש לאַנד, העי! אַלרייט, אי? יעס, מיינע טייערע! מיר וועלן דאָ אינוועסטירן פיל מיליאָנען דאָלאַרן! מיר אַמעריקאַנער יידן וועלן אייך אַלע גליקלעך מאַכן! מיר זיינען באַגייסטערט פון אייער אַרבעט און פון אייער קיבוץ! מיר וועלן אייך געבן געלט און איר זעט, אַז עס זאָל אויפגעבויט ווערן אַ שטאַרקע יידישע מדינה! (אַלע אַפּלאָדירן).

מפּמניק: (צום ראש הקיבוץ) איר וועט אונדז נאָך פאַרקויפן פאַר אַ טאָפּ מיט לינדזן צום אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל, איר פאַררעטערישע מפּאַיניקעס! איר טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אונדזער קיבוץ וואָס ווערט צעשפּאָלטן און רואינירט!

ראש הקיבוץ: דו וועסט זיך מיט מיר קריגן מיט איין שעה שפּעטער! (ווענדעט זיך צו די אַמעריקאַנער) איצטער מיינע טייערע געסט, וועלן מיר אייך ציינן ווי אַזוי עס לעבן זיך אויס אונדזערע בחורים און מיידלעך. מיר אַרבעטן און לעבן מיט געזאַנג און טאַנץ! ווייל מיר פאַרשטייען, אַז נאָר מיט געזאַנג און פרייד וועלן מיר אויפבויען אונדזער לאַנד! אַלע זינגען און טאַנצן מיר! חברים און חברות! לאָמיר אויפנעמען אונדזערע טייערע געסט מיט געזאַנג און מיט אַ הוירא-טאַנץ!

אַמעריקאַנער: אָה, אַ הוירא! דאָס איז וואונדערבאַר! אַ הוירא! אַ הוירא! אַ הוירא!

(אַלע נעמען זיך אַרום אין אַ ראָד און נעמען אַריין די אַמעריקאַנער מיט זייערע ווייבער, טאַנצן און זינגען אַ הוירא, די גראָבע אַמעריקאַנער מענער און ווייבער ווערן מיד, טאַנצנדיק קאַמיש... זיי האָבן מער נישט קיין כּוח צו טאַנצן, כאַפּן זיך אַרויס פון ראָד, שטעלן זיך אַוועק און דעכן אָפּ... יוגנט טאַנצט ווייטער, די אַמעריקאַנער הייבן אָן זינגען: עוד לא אבדה תקותינו! פאַרהאַנג פאַלט פּאַמעלעך אונטער די קלאַנגען פון הוירא און התקוה געזאַנג, שטאַרקע אַקאָרדן פון פּיאַנאָ פון געזאַנג „התקוה").

## בילד 4

אויפשריפט:

# אין אַן אַראַבישן דאָרף:

די קינדער לויפן ארום, שרעקלעך שמוציק און אפגעלאזט. א טייל זיינען בלינד מיט רויטע אויגן, די פרויען גייען אין דעקטיכער איבער די אויגן, הארעווען שווער, די מענער זיצן אויף דער ערד און ריי-כערן די לאנגע ליולקעס, פון דער ווייטנס זעט מען ווי איינער אקערט די ערד מיט איין פערד, די קינדער חלשן נאך א שטיקל ברויט און די מאמעס שלאגן זיי און די קינדער וויינען. די „דירות" זיינען אלטע צעבראכענע כאטקעס, די זון בראט. עס איז 12 אזייגער.

1טער אראבער: (קומען אן פון גאס) איך האב היינט ארומגע-זוכט אין צען פרדסים און האב געבעטן ארבעט און האב נישט באקומען, איך וועל באניין זעלבסטמארד, ווייל איך קען נישט מער!

2טער אראבער: ווען מיר וועלן ארבעטן פאר ביליקער וועלן מיר דאן באקומען ארבעט!

3טער אראבער: איך האב מיר נעכטן אנגעבאטן ביים אלטן סא-ליאנסקי אין פתח תקוה פאר דרייסיק פיאסטער א טאג און ער האט מיר נישט געוואלט געבן קיין ארבעט, ווייל איך בין נישט קיין מיטגליד אין הסתדרות העובדים, נו וואס זאגסטו?

4טער אראבער: ווען איר הערט זיך צו צו מיין עצה וואלטן מיר אלע היינט שוין געהאט אייגענע הייזקעס און אונדזערע פרויען און קינדער וואלטן פארשפארט שטארבן צען מאל אין טאג פאר א שטיקל ברויט!

אלע: וואס אזוינס?

4טער אראבער: וואס? מיר דארפן אלע לעבן בשלום מיט די יידן, און אלע ווי איינער דארפן מיר זיך אנשליסן אין דער הסתדרות העובדים, וועלכע זארגט פאר אלע ארבעטס מענטשן, יידן אדער אראבער, סוף כל סוף, זיינען מיר אלע ברידער, ברידער סעמיטן, טא פארוואס זאל צווישן אונדז הערשן אזא בלוטיקע שינאה, פארוואס?

1טער אראבער: יא! יא! יא! איך האב שוין לאנג געזאגט, אז מיר וועלן זיך צוהערן צו דער שטים פון יידישן ארבעטער וועלן מיר זיין אזוי גליקלעך ווי זיי! וואס ווילן דען די יידן מער ווי פארוואנדלען דאס לאנד

עס זאל ווערן א לאנד ווי אמאל, ארץ זבת חלב ודבש? די יידן ווילן אונדז טויטן גוטס און מיר לאזן זיך אנרייצן פון אונדזער שייך, וואס ער אליין זיצט גאנצענע טעג און נעכט אין זיין הארעם און זיינע קינדער הוליאיען אין פא־ריז, און מיר דא ארבעטן און הארעווען שווער און ביטער, און באקומען פאר אונדזער ארבעט אפילו ניט קיין שטיקל ברויט צו דער זעט, פון א רעכטן מלבוש איז דאך אפגערעדט; אין דער גאנצער וועלט איז שוין לאנג פארבאטן שקלאפעריי, נאר דא ביי אונדז לעבט מען נאך ווי מיט הונדערט יאר צוריק! אן עק זאל דאס נעמען!!!

## בילד 5

(מען זעט א קינא־בילד: דער אראבישער שייך זיצט אויפן דיוואן און שיכורט, לעבן אים זיצן האלבנאקעטע פרויען, איין פרוי טאנצט און קלאפט צו צום טאקט מיט דער טאמבארינע, מען פראוועט סצענעס פון שיכרות און האלבאזיאטישע ווילדקייטן).

(די האנדלונג ווערט פארגעזעצט ווי אין פאריקן בילד)

אלע: לאמיר גיין צום שייך און אים אנזאגן, אז ער זאל אויפהערן צו רייצן קעגן די יידן; אויב נישט וועלן מיר אים פאריאגן פון דאנען און די ערד וועט געהערן צו די וואס וועלן זי באארבעטן! א טויט דעם שייך!!! שלום מיט די יידן! שלום! שלום! שלום!

אלע: א טויט דעם שייך! שלום מיט די יידן! שלום ברידער יידן!!!

(אלע מארשירן אין רייען און שרייען: נידער מיטן שייך! שלום מיט יידן! שלום!

4טער אראבער: זייט די יידן זיינען דא אהערגעקומען, זייט די ערשטע קאלאניסטן, זעט ווי דאס לאנד זעט אויס! גאנצע מידבריות ווערן איבערגעמאכט פארוואנדלט אין בליענדיקע וויינגערטנער, וואס איז א ברכה פארן גאנצן לאנד! דארטן וואו עס האט הונדערטער יארן געהערשט די מאלאריע, דארט וואו עס זיינען געווען זומפן, וואס האבן פארשפרייט קראנקהייטן און אינזערע קינדער זיינען אין די טויזנטער אויסגעשטארבן, אט דארטן אין די פלעצער האבן די יידן אויסגעלייגט הונדערטער קילאמעטערס אייזערנע רערן אונטער דער ערד, און היינט ווערן די טרוקענע זאמדן באוואסערט און באפרוכפערט און די ערד גיט ארויס פרוכטן און תבואות, און די יידן עסן ברויט צו דער זעט, מען טרינקט דארט מילך מיט וויין, מען עסט דארט ברויט מיט פוטער מיט אייער!

(אלע: ברויט מיט פוטער, מילך און וויין???)

יא! יא! דאס איז דערפאר ווייל זיי האבן נישט קיין שייכן וואס זאלן זיי עקספלאטירן און אויסזויגן פון זיי דעם מארך און בלוט! נאר זיי ארבעטן קאלעקטיוו, פאר אלע! איינער פאר אלע און אלע פאר איינעם! קאאפעראציע! קאלעקטיוו! אלע שאפן, אלע ארבעטן פאר אלע! נישט אלע זאלן ארבעטן פאר איינעם! נעמט אייך אראפ א ביישפיל פון די יידן און מיר וועלן זיין אזוי גליקלעך ווי זיי! שלום מיט די יידן, שלום ווילן מיר!!!

(זיי שטעלן זיך אויס אין רייען, מארשירנדיק: שלום מיט די יידן! שלום!).

פארהאנג

## בילד 6

אויפשריפט:

# אויף דער גרעניץ פון סיריען

(אַ גרויסע שילד: ת כ נ י ת ה מ י ם ל י ש ר א ל, מען זעט לייגן רערן אין דער ערד צו באַוואַסערן די פעלדער אַרום און אויסצוטרוקענען די זומפן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט מאַלאַריע־קראַנקהייטן מען הערט דאָס רוישן פון די מאַשינען וואָס גראָבן די ערד, אַ געזאַנג פון אַרבעט, דער אינזשעניער קאָמאַנדעוועט און אַרבעטער זיינען געטריי און האָרעווען, מען רעדט אויך אַראַביש, ווייל אַ טייל אַרבעטער זיינען אויך פון אַראַבישן דאָרף דערנעבן, עס קומען זיך צוזאַמען פאַרשטייער פון צייטונגען, יידישע און אַראַבישע, און דער אינזשעניער גיט זיי פאַרשיידענע אויפקלערונגען) (בן־גוריון שמועסט מיט די אַר־בעטער און אינזשעניערן).

אנזשיניער: איר זעט, איין חלק פון דער גרעסטער ארבעט צו וועלכער מיר האָבן זיך געגרייט יאָרן לאַנג איז שוין פּאַרענדיקט, דאָס האָט אָפּגעקאָסט שווערע מיליאָנען דאָלאַרן, איר זעט דאָרט (ווייזט) דאָס איז דער חולה געביט! הונדערטער יאָרן זיינען עס געווען טיפע, שמוציקע זומפּן, פול מיט כלערליי עפּידעמיעס פאַר אַלע לענדער אַרום. היינט זיינען די זומפּן שוין פאַרשוואונדן. מען קען אַפילו אַ קליין שיפעלע נישט האַלטן אין זיי. נישטאָ מער דאָרט די ווילדע גראָזן, נישטאָ קיין סימן פון מאַלאַריע! און נאָך אין איין יאָר אָדער צוויי וועט דאָ וואַקסן תבואה, ווייץ מיט קאָרן, און פון דער אויסגעטרוקנטער ערד וועלן מיר אויסגראָבן אַ טייערן אַרטיקל, דעם „ק א ב ו ל", וואָס מען דאַרף נייטיק האָבן פאַר דער ערד־אַרבעט.

1טער זשורנאַליסט: איז דאַמאָלסט אויך געווען אַ פּראָטעסט פון די סירישע שכנים? איז דאָן אויך געקומען צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס?

אינזשיניער: דעם ענטפער האָבן מיר געוואוסט, דער סירישער דיקטאַטאָר גענעראַל האָט געהייסן זיינע שקלאַפן שיסן אויף די יידישע אַרבעטער און עס איז פאַרגעקומען אַ קעגנזייטיקער בלוטיקער צוזאַמענשטויס. עס זיינען געפאַלן קרבנות, אומשולדיקע קרבנות פון ביידע צדדים, די ישראלדיקע אעראָפּלאַנען האָבן אַפילו באַשטראָפט די פּראָוואָקאַטאָרן, אויך די ישראל־רעגירונג האָט אַפילו דעם פיינלעכן אינצידענט פאָרגעבראַכט פאַר דעם זיכערהייטס־ראַט פון דער פעלקער־ליגע און זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן ווערן: צי דאַרף אַ מידבר בלייבן אַ מ י ד ־ ב ר? צי מוז אַ דזשונגל בלייבן שטענדיק אַ דזשונגל, וואָס זאָל כסדר שטעלן אין געפאַר דאָס לעבן און געזונט פון מיליאָנען מענטשן אָן אונטערשייד פון יידן אָדער אַראַבער?

און די צווייטע פראַגע איז געווען: צווישן ישראל און סיריע — ווי צווישן ישראל און די אַראַבישע לענדער — אויב עס איז פאַראַן אַ געוויסער

שטח, וואס געהערט קיינעם נישט אדער ווי מען רופט עס דא אין ישראל: שטח-הפקר, נו דארף אויך דער שטח בלייבן אויף אייביק א מידבר? א דזשונגל? טאר מען דעם דאזיקן שטח אויך נישט אנרירן, ביפרט נאד אויב אין אט דעם שטח געפינט זיך א וואסער-קוואל און ער קען פארטריקנט ווערן???

דוד בן-גוריון: דער געוועזענער פארמיטלער פון דער פעלקער-ליגע האט אפיציעל געפסקנט: א מידבר טאר נישט בלייבן מידבר, אפילו ווען ער געפינט זיך אין דעם שטח-הפקר, און זיין שטאנדפונקט איז באשטעטיקט געווארן. מיר זיינען נישט געקומען ביי קיינעם צונעמען, נאר פארקערט, מיר זיי-נען געקומען געבן, געבן זיך און געבן אונדזערע שכנים, אויב זיי וועלן פאר-שטיין אונדזערע גיגאנטישע ארבעטן, וואס מיר טוען און וואס זיי האבן צוויי טויזנט יאר פארווארלאזט!

נאכדעם איז געקומען דער הויפט פארטרעטער פון די פארייניקטע פעל-קער אין ישראל און אויך איז די אראבישע לענדער, גענעראל רעילי, — אויך אן אמעריקאנער — און האט ווידער אמאל געפסקנט: ניין! א דזשוגל דארף נישט בלייבן א דזשונגל! ער האט נאר געפאדערט איין זאך: אויב ישראל פירט דורך וועלכע עס איז ארבעט, סייאין דער אייגענער טעריטאריע אויף דער גרענעץ, סיי אין הפקר-שטח, זאל די ארבעט חלילה נישט אנרירן אראבישן באדן און נישט ברענגען שאדן די אראבער. האט מדינת ישראל פייערלעך און תיכף אנגענומען דעם דאזיקן פסק-דין. עס האט געקאסט א ריזיקע סומע געלט, מען האט געמוזט גראבן אין אנדערע פלעצער; מען האט געדארפט מאכן א נייע קאלקולאציע פון וואסער, און עס איז געווארן רואיק אויף דער גרעניץ! (בן-גוריון רעדט מיט פאטאס)

איך וויל, אז דאס זאל בלייבן פארצייכנט פאר דער געשיכטע און זאלן דאס די אראבישע לענדער גוט אין אכט נעמען, און איך זאג אייך מיט מיין גרעסטער פרייד און שטאלץ: מיר זיינען אין יענעם טאג געקומען זען, ווי אזוי די ערשטע קאלאסאלע אמעריקאנער טראקטארן און „בולדאזערס" האקן ארויס הונדערטער טאן שטיינער און ערד פון דא, כדי אנצוהייבן די נייסטע גרויסע ארבעט אין יענעם געביט: גראבן א קאנאל, מיט ווענט פון בעטאן און אייזן, איז דער לענג פון 17 קילאמעטער! און דורך דעם קאנאל וועט פליסן וואסער פון ירדן ווייסט איר וואוהין? פארוואנדלען מידבריות אין פרוכטבארע תבואות פעלדער!!! אלזא פאר די לעצטע דריי יאר, ווידער פארן פרייז פון מיליאנען דאלארן און שווערער ארבעט, איז אויסגעגראבן געווארן 17 קילאמעטער ווייט פון דער סירישער גרעניץ פון ישראל וואו עס פליסט דער ירדן איינער פון די גרעסטע וואסער-באסיינען אין דער וועלט, פאר צענדלי-קער מיליאנען קוביק-מעטער פון וואסער!!! (אלע בלייבן דערשטוינט פאר-וואונדערט).

איצטער וויל איך אייך אויפקלערן יצוליב וואס מיר טוען דאס אלץ. איר ווייסט מיסתמא אלע, אז דער ירדן פאלט אריין אין טייך כנרת. אבער די וואַ-סערן פון ירדן פאלן אזוי נידעריק, אז מען קען זיי נישט אויסנוצן אלס א

קראפט, למשל, אלס זיין כוח צו באוועגן אן עלעקטרישע טורבינע. כדי צו באַקומען אזא קראפט מוז זיין א וואסער־פאל פון ירדן אין כנרת אריין פון א הויך בערך 400 מעטער. איז וואס האבן מיר געמוזט טאן, כדי מדינת ישראל זאל האבן וואס מערער עלעקטרישע קראפט, די באזע פון יעדער מאדערנער אנטוויקלונג אין דער וועלט? מיר האבן צום ערשטן אויסגעגראבן א קאלאסאלן וואסער־באסיין. איצט וועלן מיר גראבן א 17 קילאמעטער לאנגן קאנאל און די וואסערן פון ירדן וועלן צום ערשטן מאל פליסן אין דעם באסיין און פון דארט — פון א הויך פון 400 מעטער — וועט דאס וואסער פאלן אין כנרת אריין, מיט א קראפט וועלכע וועט קענען געבן מדינת ישראל — לויט אונדזער פלאן — כימעט 180 מיליאן קילאוואט עלעקטרישן כוח א יאר!!!
וועגן נאך פיל אנדערע טעכנישע הויכע ענינים קען מען ריידן און ריידן גאנצע שעה'ן און אויף דעם האט איר און אויך איך אוודאי קיין צייט נישט.

אט דאס איז די גרויסע, פרוכטבארע ארבעט, וואס מדינת ישראל טוט איצטער ביים ירדן, און צווייטנס, אין גייסט פון דעם פסק־דין וואס מיר האבן באקומען מצד די העכסטע אינסטיטוציעס פון דער וועלט!

איצטער בעט איך אייך, טראגט איר ארויס אייער באשלוס פאר דער עפנטלעכקייט, צי ווילן מיר טוען שלעכטס אונדזערע שכנים ווען מיר פארוואנדלען מידבריות אין געזונטע פרוכטבארע פעלדער אדער זיינדיקן זיי, די אראבישע פעלקער, וועלכע ווילן צוריק דרייען דאס ראד פון דער געשיכטע???
איינהאלטן דעם ריזיקן שטראם פון ציוויליזאציע און ווינשאפטלעכן פראגרעס?
(מען הערט די וואסער־פאלן און דאס רוישן פון די עלעקטרישע מאשינען. בן־גוריון שרייט אויס) אראבישע ברידער אונדזערע! מדינת ישראל שטרעקט אייך אויס א ברידערלעכע האנט און רופט אויס: יהי אור! זאל ביי אייך שוין ווערן ליכטיק! קומט און זייט פרידלעכע שותפים צו אונדזער ארבעט, ווייל אונדזער גוטס איז אויך אייער גוטס און אונדזער שלעכטס איז אויך אייער שלעכטס! שלום! אחינו במדינות אראביון! שלום אחינו במצרים! אמת, איר האט אונדז מיט טויזנטער יארן צוריק פארשקלאפט! און מיר זיינען הונדערטער יארן געווען אייערע קנעכט און געבויט פאר אייך פיראמידן, אבער מיר ווילן דאס היינט אלץ פארגעסן און שטרעקן אייך אויס אונדזערווארעמע האנט פון שלום! דען נאר דורך די וועגן פון שלום וועלן מיר דערגרייכן דאס פולע גליק פאר אלע פעלקער און לענדער, שלום! שלום! שלום! שלום לרחוק ולקרוב!!!

(מען הערט א געשיסעריי פון דער סירישער גרעניץ. מען זעט דעם רויך עס ווערט א טומל, עס קומען אן הגנה־סאלדאטן און נאכן אויסגעשריי פון בן־גוריון: הקשב! ענטפערן!!! לויפן די זעלנער און מען הערט א שרעקלעך געשיסעריי — פארהאנג פאלט גיך).

## בילד 7

אויפשריפט:

# די אַרבעט ביי דער ברוק „בנות יעקב"

די אַרבעט ביים אויסטרוקענען די זומפן אין חולה. עס קומט דער גענעראַל בעניקע און מעלדעט דעם באַשלוס פון דער „א ו נ", אַז די אַרבעט פון אויסטרוקענען די זומפן אין חולה מוז מצד מדינת ישראל אָפגעשטעלט ווערן, ווייל דאָס פאַרלעצט דעם וואַפנשטיל־שטאַנדס אָפּמאַך און איז קעגן סיריען).

(אויף דער בינע, די יידישע מיניסטאָרן מיט דוד בן־גוריונען בראש, די אַרבעטער מיטן אינזשיניער אינמיטן דער אַרבעט פון גראָבן די זומפן. דער דעניש גענעראַל, פאָרשטייער פון די פאַראייניקטע פעלקער בעניקע לייענט פון אַ פּאַפּיר): הויכגעשעצטער פּרעמיער פון מדינת ישראל דוד בן־גוריון, הויכגעשעצטע מיניסטאָרן פון ישראל, איך בין געשיקט געוואָרן פון דער יונייטעד נאַציאָנס אייך צו מעלדן, אַז אייער אַרבעט וואָס איר פירט דאָ דורך ביי די וואַסער פון ירדן איז קעגן דעם גייסט פון דעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך מיט סיריע, עס קען ברענגען... סטראַטעגישע נוצן פאַר ישראל און דאָס קען ברענגען צו אַ מילחמה צווישן ישראל און סיריען, אַלזאָ די גאַנצע אַרבעט אייערע דאָ אויף דער סירישער גרעניץ מוז תיכף אָפּגעשטעלט ווערן, אַזוי איז דער באַשלוס פון יונייטעד נאַציאָנס!

בן־גוריון: מיסטער בעניקע! הויכגעשעצטער פאָרשטייער פון די פאַראייניקטע פעלקער! דער דאָזיקער באַשלוס איז אַ געוואַלדיק שווערער קלאַפּ פאַר מדינת ישראל! עס איז פאַר אונדז אַ שווערער ווייטיק און אַ קוואַל פון זאָרג און רוגז! השובער הער בעניקע! דערלויבט מיר אייך צו שטעלן איין פראַגע: ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז איר זאָלט בטל מאַכן די פריערדיקע פּסקי־דין פון ד"ר באַנטש און פון גענעראַל רעילי? זיי האָבן דאָך געפּסקנט, אַז מידבריות דאַרפן נישט און טאָרן נישט שטענדיק בלייבן מידבריות? צי טוען מיר דען נישט מער ווי מיר פאַרוואַנדלען דזשונגלען אין בליענדיקע תבואה פעלדער? צי האָבן נישט דאָ טויזנטער יאָרן געהערשט מאַלאַריעס און אַנדערע קראַנקהייטן און מיר האָבן די זומפן אויסגעטריקנט און געשאַפן ליכט און לעבן פאַר אונדז און פאַר די אַראַבישע שכנים? פאַרוואָס זאָל מען אונדז נישט לאָזן לעבן און שאַפן גוטס פאַר זיך און פאַר אַלע שכנים?

גענעראַל בעניקע: מיסטער בן־גוריון! איר האָט איין אויסנאַם, און דאָס איז: ווענדעט זיך נאָכאַמאָל צו דער פעלקער ליגע. איך האָב געטאָן מיין אַרבעט און אויסגעפילט מיין מיסיע, וואָס איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן!

בן־גוריון: איך דאַנק אייך! מיר וועלן אויספאָלגן אייער ריכטיקע

עצה! מיר ווענדן זיך צו דער פעלקער ליגע! (אַלע געזעגענען זיך מיט גענע-ראַל בעניקע און עס הערט זיך דאָס וואָרט : שלום!) (בעניקע גייט אַפּ).

אינזשיניער: די אַרבעט קען נישט אָפּגעשטעלט ווערן! מיר אַר-בעטן ווי איר ווייסט שבת און יום-טוב, ווייל נאָך אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועלן זיך אָנהייבן די ימות הגשמים און אין דעם געביט פון חולה איז דער רעגן אַ מבול, ממש צום דערטרינקען און ווערן אין די בלאָטעס און די מאַשינען וועלן מוזן בלייבן שטיין, און די גאַנצע אַרבעט וועט אָפּגעשטעלט ווערן אויף עט-לעכע חדשים. די אַרבעט מוז, טראָץ דעם באַשלוס פון דער פעלקער-ליגע, ווייטער פאָרגעזעצט ווערן!

גענעראַל בעל-דין: שר בן-גוריון, איך וויל בעטן דעם מיניס-טאָרן-קאַבינעט, און די רעגירונג, אַדורכצופירן אַ באַשלוס אין כנסת, אַז אויך אונדזערע פרויען זאָלן מאָביליזירט ווערן אין דער אַרמיי — מיין פאָרשלאַג קומט איצטער איז באַטראַכט אין איינקלאַנג מיט די לעצטע געשעענישן אויף אונדזערע גרעניצן און אין אַנזיכט וואָס די אַראַבישע מלוכות מאָביליזירן זיך קעגן אונדז צו אַ צווייטן רונד.

בן-גוריון: יאָ, ריכטיק, הגם דער דאָזיקער באַשלוס וועט אָנ-טרעפן אַ גרויסע קעגנערשאַפט מצד די רעליגיעזע עלעמענטן, אָבער עס איז איצטער שעת חירום און מיר געפינען זיך אין אַן עת צרה, די סכנה שטייט אויף דער שוועל און עס איז נייטיק אומבאַדינגט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון אנשים ונשים! חברים מיניסטאָרן! לאָמיר דאָ שוין איצטער דעם ענין באַטראַכטן. דאָ אויף דער גרעניץ פון סיריען, אַט אין דעם מאָמענט וואָס מיר האָבן נאַרוואָס איבערגעלעבט! מיר זעען שוין, אַז מיר האָבן זיך אויף קיינעם נישט צו שטיצן!

אַלע מיניסטאָרן: מיר זיינען אַלע מסכים צום פאָרשלאַג פון אונדזער פאַרטיידיקונגס מיניסטער, אַ מאָביליזאַציע פון מיידלעך פאַר דעם חיל ישראל.

בן-גוריון: יאָ! די פרייע וועלט, די פרייע קולטור-וועלט וויל אונדז שטערן צו ברענגען ליכט און פרייד און אַ גליקלעכע צוקונפט דאָרטן וואו עס איז היינט אַ דזשונגל! איז דאָס מעגלעך אַז מען זאָל אונדז נישט לאָזן פאַר-וואַנדלען די חולה-זומפּן אין אַ גן עדן פאַר אַלעמען? דאָס איז די גרויסע פראַגע וואָס ווערט איצטער געשטעלט פון אונדז און פון אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט. עס איז אוממעגלעך, אַז דער ענטפער זאָל זיין קעגן דעם שכל הישר און לטובת דער ווילדקייט און שינאת ישראל! אויב יאָ, דאַן חברים: אם אין אני לי מי לי? ואם לא עכשיו אימתי? ! די אַרבעט איז חולה טאָר נישט אָפּגעשטעלט ווערן! הבו אחים לעבודה! (מען הערט דאָס גערויש פון די מאָטאָרן און דאָס קלאַפּן פון די גראָב-מאַשינען) ברידער און שוועסטער! יהי אור במדינת ישראל!!!

(פאָרהאַנג פאַלט)

**סוף פון ערשטן אַקט**

# צווייטער אַקט

## בילד 8

אויפשריפט:

# אַ מאַסן־מיטינג פון אַרבעטסלאָזע און פון פאָרשטייער פון אַלע פאַרטייען

(טראַנספּאַראַנטן מיט אויפשריפטן: לחם ועבודה! ברויט און אַרבעט! גיט אונדז דירות נישט קיין צעבראָכענע באַראַקן! נידער מיט דער רעגירונג פון בן־גוריון!)

**פּאַרזיצער**: (קלינגט שטאַרק מיטן גלאָק און שרייט) חברים! פאַרהאַלט אייך רואיק! מען הערט נישט דעם רעדנער, עס רעדט צו אייך אַ פאָרשטייער פון די געזעלשאַפטלעכע באַאַמטע פון די לאַגערן און מעברות, איך בעט פאַרהאַלטן זיך רואיק!

**סאָציאַלער אַרבעטער באַאַמטער**: איך בין געשיקט געוואָרן פון אונדזער פאַרבאַנד פון 600 באַאַמטע, מענער און פרויען, אשכנזים און ספרדים, תימנער און ענגלישע יידן, מיר האָבן נאַרוואָס אָפּגעהאַלטן אַ צוזאַמענפאָר און מיר האָבן באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דער עפנטלעכקייט און אויסשרייען אונדזער וויי־געשריי צו דער גאַנצער יידישער וועלט, מיר קענען נישט מער אויסהאַלטן! עס האַנדלט זיך וועגן 300 טויזנט נפשות אין מדינת ישראל וועלכע זיינען שרעקלעך אומגליקלעך אין אונדזער לאַנד. דאָס זיינען טאַטעס און מאַמעס פון קינדער וועלכע לעבן אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען און געפינען נישט קיין אַרבעט, כדי צו קויפן כאָטש אַ שטיקל טרוקן ברויט פאַר זייערע קינדער. דאָס זיינען טויזנטער קינדערלעך, וואָס הונגערן און וואַלגערן זיך איז בלאָטע און אין שמוץ און זיי קענען נישט גיין אין די שולן לערנען, ווייל זיי גייען נאַקעט און באָרוועס, די עלטערן קענען זיי קיין בגד און שיך נישט קויפן. די מאַמעס פון די קינדער האָבן שוין פאַרלוירן די צורה פון אַ מענטש און די טויזנטער זקנים און קראַנקע האָבן נישט די מעגלעכקייט צו קויפן זיך די עלעמענטאַרסטע רפואות צו קענען געהיילט ווערן!

מיר, די באאמטע איבער די דאזיקע אומגליקלעכע מענטשן, ווערן אפט געשלאגן ביז בלוט פון די מענטשן, מיר האבן נישט קיין מאטעריעלע מעגלעכ-קייטן זיי צו העלפן און די דאזיקע הונגעריקע און נאקעטע מענטשן אטאקירן אונדז, די ארבעטסלאזע צעברעכן אלץ, האקן שויבן און טירן, ווייל זייער נויט ברעכט אייזן! וואס זאלן מיר טאן? מיר קענען ווייטער נישט אויסהאלטן, העלפט אונדז ראטעווען ד ר י י ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז נ ט נ פ ש ו ת אין ישראל! אז נישט וועלן מיר צוזאמען מיט זיי אונטערגיין, און עס וועט שוין זיין שפעט צו ראטעווען!

עס ווערט א געשריי: ב ר ו י ט א ו ן א ר ב ע ט !!! שפיטעלער און רפואות פאר די זקנים און קראנקע!!!)

(געשרייען: נידער מיט בן-גוריונען! ער האט געוואלט „קיבוץ גלויות! זאל ער געבן ארבעט! נידער!).

פ א ר ז י צ ע ר: (קלינגט) דאס ווארט באקומט א פארשטייער פון „בונד".

ב ו נ ד י ש ע ר ר ע ד נ ע ר: חברים! עס פעלט אין לאנד אן אויפ-ריכטיק סאציאליסטישע פארטיי, וואס זאל, זייענדיק באפרייט פון די ציוניסטישע אילוזיעס, קאנען פארטיידיקן די אינטערעסן פון ארבעטער-קלאס. דאס דארף זיין די היסטארישע שטרעבונג פון יעדן אויפריכטיקן און ערלעכן ארבעטער אין דער נייער מדינת ישראל! מען דארף באזייטיקן די שפראכלעכע מחיצה צווישן די יידיש רײדנדיקע און העברעאישע מאסן! די היסתדרות וואס איז אין פארלויף פון די עטלעכע 30 יאר פון איר עקזיסטענץ אויסגעוואקסן צו א מעכטיקער פראפעסיאנעלער ארגאניזאציע, די מעכטיקסטע פון ישראלישן ארבעטער-קלאס, האט זיך אין לויף פון יארן פארוואנדלט אין א מעכטיקער אונטערנעמערישער ארגאניזאציע, וועלכע אפערירט מיט א קאפיטאל פון צענדליקער מיליאנען פונטן און באשעפטיקט אין אירע אונטערנעמונגען צענדליקער טויזנטער ארבעטער. די אונטערנעמערישע אינטערעסן פון דער היסתדרות זיינען אלץ מערער געקו-מען אין סתירה צו די אינטערעסן פון די ארבעטער. צו דעם האט צוגעהאלפן דער טיפער ביוראקראטישער פראצעס פון די היסתדרות פירער, וועלכע קלאמערן זיך ביי זייערע פאזיציעס דורך דערשטיקן די אינערלעכע דעמאקראטישע פריי-הייטן און דורך באנוצן זיך מיטן סיסטעם פון קארופציע און שיקאנעס!

(עס ווערט א טומל, מען הערט געשרייען: אראפ! פאררעטער! בונדיסטי ארוים! עס האלט ביי קלעפ... איינער פון מפא"י גייט ארויף און בעט רו און ארדענונג, פארזיצער קלינגט, איינציקווייז ווערט רואיקער).

פ א ר ז י צ ע ר: (בעט צו לאזן יעדן איינעם פריי ארויסזאגן זיין מיינונג) חברים, מיר לעבן אין א פרייער דעמאקראטישער מדינה, עס איז דערלויבט יעדע פרייע קריטיק, אויב זי קומט פון ערלעכע און אויפריכטיקע חברים. חבר, איר האט דאס ווארט, עס פעלט נאך דריי מינוט!

ר ע ד נ ע ר: חוץ דעם איז די היסתדרות די איינציקע פראפעסיאנעלע

אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער-קלאַס אין לאַנד און עס איז דעריבער די אויפגאַבע פון יעדן אַרבעטס-מענטש, וואָס וויל לעבן פון זיין אַרבעט, זיך אַנצושליסן אין היסתדרות און פון אינווייניק באַקעמפן אַלץ שלעכטע און דערפירן דערצו, אַז די היסתדרות זאָל באמת ווערן די אָרגאַניזאַציע נישט בלויז צו דינען איין פּאַרטיי נאָר דעם אַלגעמיינעם אַרבעטער-קלאַס אין ישראל! אויב מיר, אַרבעטס-לאָזע האָבן זיך דאָ היינט פאַרזאַמלט איז עס דערפאַר ווייל מיר האָבן די פעסטע איבערצייגונג, אַז מיר זיינען אַרבעטסלאָז דערפאַר ווייל מיר זיינען נישט מסכים מיט די פירונגען פון דער מלוכה און פון דער היסתדרות, וועלכע איז נאָר אַ וועדקציינ פון מפא"י! מיר פאָדערן רעכט אויף אַרבעט פאַר אַלע אַרבעטער-מענטשן אין ישראל, מיר פאָדערן אַ ראַציאָנעלע פאַרטיילונג פון די אַרבעטס-פּלעצער! אויב הונגערן, טאָ זאָלן אַלע הונגערן, אויב עס איז נאָר פאַראַן דריי טעג אין וואָך אַרבעט, זאָל די אַרבעט פאַרטיילט ווערן פאַר אַלע, נישט איינער זאָל אַרבעטן פולע זעקס טעג און דער אַנדערער איז אויסגעשטעלט אויף קיצבה! (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

פּאַרזיצער: דאָס וואָרט באַקומט אַ חבר פון „השומר הצעיר".

3 טער רעדנער: איך וויל אין מיין וואָרט באַרירן די קיבוצישע באַוועגונג, דער באַנקראָט פון די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע אילוזיעס איז גע-קומען בולט צום אויסדרוק אינעם אַנטוויקלונגס גאַנג פון דער קיבוצישער באַ-וועגונג; עס ליגט באַגראָבן די האָפענונג, אַז די קיבוצישע אידייע וועט ווערן דער יסוד פון אויפבוי פון מדינת ישראל. די קיבוצישע באַוועגונג איז פאַרוקט געוואָרן אין אַווינקל פון מדינהשן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס ווערן אַלץ מער פאַרניכטעט די גרונטפּרינציפּן פון דער קיבוצישער באַוועגונג — די פּרינ-ציפּן פון ברידערלעכקייט, עקאָנאָמישער גלייכהייט און פּאָליטישער פרייהייט. אַ באַדייטנדיקער טייל פון קיבוצים איז אַרויף אויפן וועג פון באַשעפטיקן לוין-אַרבעטער און זיי, די קיבוצים ווערן דערמיט אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין קאַפּי-טאַליסטישע שותפות אונטערנעמונגען. עס שאַפט זיך אַלץ מער אַ פּריווילעגירטער שיכט, וועלכער ווערט באַפרייט פון פיזישער אַרבעט און מען באַזעצט די אַנ-פירנדיקע פּאָסטנס פון דער באַוועגונג, גענינסנדיק דערביי פון בעסערע לעבנס-באַדינגונגען. דער פּאַרטייאישער מאָנאָפּאָל איבער די קיבוצים, וועלכער איז גע-קומען בולט צום אויסדרוק אין דער שפּאַלטונג פון דער קיבוצישער באַוועגונג, ליקווידירט אויך אַלע רעשטן פון אינערלעכער פּאָליטישער מיינונגס-פרייהייט. מיר דאַרפן שטרעבן צו פאַרוואַנדלען די קיבוצים אין ווירקלעכע אומפּאַרטייאישע סאָציאַליסטישע געמיינדעס, געבויט באמת אויף יסודות פון עקאָנאָמישער גלייכ-הייט און דעמאָקראַטישע פרייהייטן!!! (אַפּלאָדיסמענטן).

פּאַרזיצער: אַ וואָרט דעם מפ"ם.

4 טער רעדנער: מיין אויפגאַבע היינט איז צו באַרירן דעם אַנ-געוויטיקטן אַראַבישן פּראָבלעם. מיר, אַלס סאָציאַליסטן, אַנגעשלאָסן אין אַל-וועלטלעכן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפט פאַר סאָציאַלן יושר פאַר אַלע פעלקער און פאַר אַלע מינדערהייטן, קעמפן אויך פאַר דער פולער

פרייהייט און גלייכבארעכטיקונג פון דער אראבישער מינדערהייט אין לאנד ווי אויך פאר א סטאבילן שלום מיט די אראבישע מדינות. די אראבישע מדינות האבן נאך ביז היינט נישט שלום געמאכט מיטן פאקט גופא פון דער עקזיסטענץ פון מדינת ישראל. צי קאן אבער די ישראל מדינה אויפהערן צו עקזיסטירן כדי אנטקעגנצוקומען די פארלאנגען פון די אראבישע מדינות, וועלכע זיינען אלע אין תוך רעאקציאנערע, געשטיצט פון ענגלישן און נאדד אמעריקאנער אימפעריאליזם? און צי ווען דאן די אראבישע מדינות ביכלל מסכים זיין אויף דער עקסיסטענץ פון א יידישן ישוב אויף דער דאזיקער טעריטאריע? דאס אנערקענען די ישראל מדינה דורך די אראבישע מדינות איז דער עיקרדיקער תנאי פאר א פרידלעך צוזאמענלעבן מיט מדינת ישראל. אבער אויך נאכן אננעמען דעם דאזיקן תנאי, וואס איז אגב נישט אזוי לייכט, בלייבן נאך אלץ דריי שווערע פראבלעמען וועלכע מוזן געפינען א לייזונג, דאס זיינען: די פראגן פון אראבישע פליטים, גרענעצן, און ירושלים. אויב מען וויל נישט אז די דאזיקע פראבלעמען זאלן געלייזט ווערן אויפן וועג פון מלחמה, און דאס ווילן מיר יידן זיכער נישט, מוזן זיי געלייזט ווערן אויפן פרידלעכן אופן. מיר קענען נישט און טארן נישט טאלערירן, אז יעדן טאג זאלן געהרגעט ווערן יידישע און אראבישע זעלנער. יעדן טאג ווערט אומשולדיק בלוט פארגאסן! וואס טוען מיר אויף צו לינדערן די דאזיקע שפאנונג, וואס איז גורם צו שפיכת דמים פון ביידע צדדים אויב נישט צו געפינען א געמיינזאמע שפראך אויפן אינטערנאציאנאלן וועג, אויפן וועג פון דער פעלקער־ליגע? דעמאסקירן דעם ענגלישן אימפעריאליזם אין די אויגן פון דער אינטערנאציאנאלער פאליטישער וועלט, וועלכע מוז אינטערווענירן אין דעם פאל און נישט דערלאזן ווידער אמאל דעם ענגלישן פאררעטער, וואס שיקט געווער און שטיצט די רעאקציאנערע אראבישע מלוכות אויף צו שאפן דעם אלטן צעטייל און הערש דעוויז! איך האלט, אז די גאנצע אויסערן־פאליטיק פון דער רעגירונג איז א שלעכטע, מען געפינט נישט אויס דעם ריכטיקן דיאגנאז צו דער מחלה וואס הייסט אראבישער פראבלעם! אזוי לאנג ווי מיר וועלן נישט לייזן דאס אראבישע פראבלעם קען מען אבסאלוט נישט ריידן פון א קאנסטרוקטיוון אויפבוי פון מדינת ישראל! די רעגירונג מוז זיך ערנסט פארטראכטן! די געפאר שטייט אויף דער שוועל און זי מוז און זי קען אויסגעמיטן ווערן! (אלע אפלאדירן).

פ א ר ז י צ ע ר : (קלינגט שטארק מיטן גלאק) חברים, פארהאלט אייך רואיק, דאס ווארט האט א פארשטייער פון לינקן בונד!

ב ו נ ד י ס ט : חברים ארבעטער! איך וויל דא בארירן די לעצטע טראגישע געשעעניש, וואס עס איז פארגעקומען אין קיביא, אין דעם אראבישן דארף קיביא, דאס וואס עס האט דארט פאסירט ווי עס זיינען אויסגעקוילעט געווארן אומשולדיקע פרויען און קינדער וועט אונדז קיין גוטס נישט ברענגען! אנשטאט וואס מיר דארפן זוכן די וועגן פון שלום צעבלאזן מיר אליין דאס פייער פון מלחמה! די קאנסעקווענצן פון דעם ליידן די יידישע ארבעטער־מאסן, ווייל זיי, די רייכע זיינען געשיצט מיט זייערע לעבנס און מיט זייערע קאפיטאלן, אבער

מיר אַרבעטער־מאַסן, מיר טראָגן די קאָנסעקווענצן! נאָר ריינע מערדער קענען אָפּטאָן אַזאַ מיאוסע אכזריות און פאַרגיסן בלוט פון אומשולדיקע פרויען און קינדער, מערדער!!! (געשרייען: אַראָפּ! פאַררעטער!).

פ א ר ז י צ ע ר : (שרייט) חברים, איך בעט אייך רואיק! דאָס וואָרט האָט דער פאַרשטייער פון די אַלגעמיינע ציונים!

צ י ו נ י ס ט : איך האָב געוואָלט הײנט באַרירן אַ גאַנץ אַנדערע טעמע, אָבער אַזוי ווי דער בונדישער פאַרשטייער האָט דאָ באַרירט די טראַגעדיע פון קיביאַ, ווייל איך דאָ באַמערקן פאָלגנדעס: איך קען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קען מיט איין מאָל ווערן אַזעלכע בעלי רחמנות אויף די אַראַבער? וואו זייט איר געווען, חבר פון בונד, ווען עס זיינען אין איין נאַכט אויסגעקוילעט געוואָרן אין „כפר שלום" צענדליקער פרויען און קינדער דורך די אַראַבישע רוצחים, וואָס ווערן אונטערגעהעצט פון די ענגלישע שפּיאָנען און אַגענטן, דאָס איז ביי אייך גאָרנישט? זיי מעגן אַלץ? וואָס האָט איר בונדיסטן געטון די גאַנצע 50 יאָר פאַרן ציוניזם מער ווי געשטערט די אַרבעט? איר, שונאי ציון, קומט איצטער מיט טענות און גייט פאַרטיידיקן די אַראַבישע מערדער, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געמאַכט פּאָגראָמען און קוילען אויס יעדן טאָג צענדליקער הילפלאָזע יידישע נפשות, איר ווערט איצטער די פאַרטיידיקער פון די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס און באַשולדיקער פון יידישער זעלבסטשוץ!? שליסט בעסער אָן אָפענעם בונד מיט די קאָמוניסטישע פאַררעטער און הערט אויף צו שפּילן די ראָל פון אוהבי ישראל, ניין! איר וואָס האָט אייך געראַטעוועט פון די גאַז־אויוונס אהער קיין ישראל, איר זייט היינט די גרעסטע שונאי ישראל! חברים פון בונד (שרייט) איר האָט פון דער גרויסער יידישער טראַגעדיע גאָרנישט געלערנט און גאָרנישט פאַרגעסן! איר טראָגט די אחריות פאַר אייערע ווערטער פון האָס קעגן דער ישראל־רעגירונג און קעגן אירע מנהיגים און פאַרטיידיקער! געדענקט, די געשיכטע וועט זיך אין אייך נוקם זיין!!! ווען אין מדינת ישראל זאָל הערשן אַ קליין ביסעלע דיקטאַטור וואָלט מען אייך געדאַרפט לינטשן! איר, בונדיסטן, זענט דאָך די „ס ר י ס י ם"... פון דער ציוניסטישער רענעסאַנס! איר זענט די בלינדע, וואָס קענען נישט אַריינקוקן אין דער זון פון אונדזער ליכטיקייט און פרייהייט פון האָבן אַן אייגן לאַנד און אייגענער מלוכה! (אַפּלאָדיסמענטן) איר וואָגט זיך אָנצורופן אונדזער זעלבסטשוץ מיט נאָמען מערדער? נאָכדעם ווי די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אין קיביע טאָג־טעגלעך אויסגעקוילעט ביז זעקס הונדערט און פופציק יידישע נפשות, פרויען, קינדער און הילפלאָזע זקנים, און נאָך צענדליקער וואָרענונגען האָבן די מערדער אַלץ נישט געוואָלט אָפּשטעלן זייערע מעשים תעתועים! און נאָכדעם ווי יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער און דאָס געדולד איז געפּלאַצט האָבן די יידישע זעלבסטשוץ־יונגעלייט גענומען נקמה, וואָגט איר אָנצורופן די דאָזיקע העלדן מיטן נאָמען מערדער? איר געמיינע פאַררעטער פון יידישן פאָלק! איר זייט ערגער פון די גרעסטע שונאי ישראל! נידער מיט אַזעלכע אינערלעכע שונאים פון ישראל! איר האָט דאָ קיין פּלאַץ נישט, נידער! (געשרייען: נידער!

נידער מיט די בונדישע שונאי ציון! (פאָרזיצער בעט דעם רעדנער צו פאַרלאָזן די טריבונע, קוקט אויפן זייגער עס ווערט אַ סומאַטאָכע).

פ אָ ר ז י צ ע ר : (קלינגט) חברים, דאָס וואָרט באַקומט אַ פאָרשטייער פון די יידישיסטן. (אַ טייל אַפּלאָדירן).

ר ע ד נ ע ר : חברים! איך וויל אויסנוצן דעם מאָמענט און אויף דעם היינטיקן מאַסן-מיטינג באַרירן, נישט די מחלוקת און קריגערייען אין די קיבוצים, דאָס וועלן מיר טוען ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, נאָר איך וויל מיך באַציען צו איין איינציקן פּונקט, וועגן דעם קאַמף וואָס גייט אָן אין מדינת ישראל קעגן דער יידישער שפּראַך. איך פרעג קלאָר און אָפן, אָן שום באַזונדערע כוונות, פאַרוואָס זאָל די ישראל-רעגירונג נישט דערלויבן קיין יידישע טאָג-צייטונגען אין ישראל? אַ צייטונג אין דער שפּראַך וואָס עס האָבן גערעדט דריי מיליאָן פון די זעקס מיליאָן קדושים? אַ צייטונג אין דער שפּראַך אין וועלכער עס איז געשאַפן אַ פּרעכטיקע ליטעראַטור, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע קלאַסיקער ווי מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ א"א, אַ שפּראַך וואָס האָבן גערעדט אונדזערע מאַמעס און טאַטעס? פאַרוואָס האָט בן-גוריון געזאָגט אַז „יידיש איז אַ שפּראַך וואָס גרילצט אין די אויערן"? ניין! אויב קריטיק, דאַרף מען קודם כל געבן די קריטיק בן-גוריונען אַליין! אַזאַ מין ביטול באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך האָט קיין נאָמען נישט! און די דאָזיקע שאָוויניסטישע פּאָליטיק לגבי אונדזערע יידישע פאָלקס-אוצרות און לגבי דער יידישער שפּראַך ווערט ווייטער פאַרגעזעצט פון דער בן-גוריון רעגירונג, און קעגן דעם מוזן מיר אַלע, ווען עס איז נאָר טייער די יידישע שפּראַך און די יידישע ליטעראַטור, אַמשטאַרקסטן פּראָטעסטירן!

איצטער ווייטער, חברים! אַט דאָ נישט לאַנג האָט מען אין מדינת ישראל געוויזן אַ בילד ווי מען פאַרברענט דעם גלות, אַלץ וואָס מיר האָבן געשאַפן איז משך פון אונדזער לעצטער צייט אין גלות איז דן געוואָרן לשרפה, פרעג איך אייך, חברים! ווי לאַנג איז דער שיעור צו דולדן אַזעלכע וואַנדאַלע מעשים? צי קען מען נישט זיין אַ הייסער ציוניסט, ליב האָבן דאָס יידישע פאָלק און לאַנד און טראָץ דעם ליב האָבן אַלץ וואָס יידן האָבן געשאַפן אין דעם לאַנגן גלות וועג? צי קענען מיר פאַרלייקענען די גאָלדענע עפּאָכע אין שפּאַניע וואו יידן האָבן געשאַפן ריזיקע גייסטיקע אוצרות? צי קען מען פאַרניינען די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור פון אַ פּרץ, אַש, רייזין, פּינסקי, שלום עליכם, שניאור, לייוויק, האַלפּערין און צענדליקער און צענדליקער אַנדערע שריפטשטעלער און דיכטער? אַ פאָלק וואָס שעצט נישט זיינע דיכטער פאַרניינט זיך אַליין!!! די יידישע ליטעראַטור, די נייע ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך איז דער שטאָלץ פון יידישן פאָלק אין די לעצטע הונדערט יאָר, דער שטאָלץ פון דער יידישער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס, און די דאָזיקע שפּראַך און ליטעראַטור מוז פון אַלע יידן אין אַלע לענדער, איינשליסלעך מדינת ישראל טייער געשעצט ווערן! הויך מוז אויפגעהויבן ווערן די פאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור!!! מיר, די יידישע אַרבעטער-מאַסן אין מדינת ישראל, ווילן גלייכבאַרעכטיקונג מצד דער

רעגירונג פאַר יידיש און העברעאיש! מיר ווילן נישט הערן די בייזוויליקע תירוצים פון דער בן-גוריון רעגירונג, אז עס איז נישטא קיין פּאַפּיר אין לאַנד! פּאַרוואָס איז דאָ פּאַפּיר פאַר אַלע אַנדערע צייטונגען, פאַר ענגלישע, דייטשע! דייטשע צייטונגען?!!! נאָר פאַר אַ צייטונג אין דער יידישער פאָלקס-שפּראַך איז נישטאָ קיין פּאַפּיר? ניין! מיר וועלן אייך באַקעמפן און אויב אייך געהער דער היינט, דער מאָרגן געהער צו אונדז! (אַפּלאַדיסמענטן).

פּ אָ ר ז י צ ע ר : חברים, איצטער גיב איך דאָס וואָרט דעם פאָרשטייער פון לינקן פליגל, פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. (אַ טייל אַפּלאַדירן, אַ טייל פייפן, אַ טייל שרייען לאָ! לאָ! לאָ! אַ טייל שרייען: דעמאָקראַטיע! אַלע מעגן ריידן) חברים, איך בעט אייך צו פאַרהאַלטן זיך רואיק, מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אויסצוהערן יעדן איינעם פריי. מיר לעבן אין דעם דעמאָקראַטישן מדינת ישראל! און יעדער איינער האָט די רעכט צו זאָגן וואָס ער וויל, אויב זיינע כוונות זיינען מיטצוהעלפן לייזן אונדזערע שווערע פּראָבלעמען, חבר, איר האָט דאָס וואָרט!

ק אָ מ ו נ י ס ט : איך וויל נישט איבערחזרן די אַרויסגעזאָגטע ווערטער פון פאָריקן רעדנער, וועגן דער פראַגע פון יידיש און העברעאיש, איך בין טיילווייז מסכים מיט די אַנדערע רעדנער איבער דער אַראַביש-יידישער פראַגע, און וועגן דעם וויל איך צוגעבן פאָלגנדעס: חברים! (צווישנרוף, מיר זיינען נישט דיינע חברים!) (פאָרזיצער קלינגט) איך באַצי זיך צו דער פּאָליטיק פון דער בן-גוריון רעגירונג בנוגע דעם אַראַבישן פּראָבלעם וואָס ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ האַרבער. מיר ווייסן אַלע, אַז די אַראַבער האַלטן נישט זייער קאַמף פאַר פאַרשפּילט. אין דעם לעצטן נומער פון דער אַמעריקאַנער פערטל יאָר אויסגאַבע „פאָרעין אַפערס" מאַכט דער סירישער דיפּלאָמאַט מאַליק קיין סוד נישט דערפון, אַז די אַראַבער אָריענטירן זיך אויף דער גרונט הנחה, אַז די עקזיסטענץ פון דער ישראל-מלוכה פאַרבלייבט אונטער אַ פראַגע-צייכן. בן-גוריון האָט אין איינעם פון זיינע לעצטע רעדעס געקלאָגט זיך אויף דעם, אַז די אַראַבער דערוואַרטן אַ „צווייטע רונדע". ווען בן-גוריון און זיינע רעגירונגס-לייט דערציילן וועגן אַראַבישע צוגרייטונגען צו אַ צווייטער רונדע האָבן זיי פאַר די יידן פון דער גאַרער וועלט איין עצה: קויפן וואָס מערער ישראל-באָנדס! פרעגט זיך. צי האָט שוין באמת נישט די ישראל רעגירונג אויף דער טעמע מער גאָרנישט וואָס צו זאָגן דער וועלט?! די אַראַבישע מינדערהייט אין מדינת ישראל ווערט שיקאַנירט און טיילווייז באַיקאָטירט. עס זיינען אויך פאַראַן צענדליקער פאַקטישע באַווייזן, ווי אַראַבישע אַרבעטער ווערן נישט צוגעלאָזן צו יידישע אַרבעטס-אונטערנעמונגען, די אַראַבישע בירגער ווערן באַהאַנדלט ווי בירגער פון אַ צווייטער מדרגה! (שרייען: אַראָפּ! אַראָפּ! ס'אַ ליג'ן! אַגענטן פון מאָסקווע! אַגענטן פון רויטן אימפּעריאַליזם!!! אַראָפּ!!! עס ווערט אַ סומאַטאָכע).

פּ אָ ר ז י צ ע ר : חברים, (שרייט) איך בעט אייך צו פאַרהאַלטן זיך

רואיק, די רעדנער-ליסטע איז אויסגעשעפט, דאס לעצטע ווארט אויפן היינטיקן מאסן-מיטינג האט דער פארשטייער פון דער חרות-פארטיי, הער מנחם בן-חורין, איך בעט נאכאמאל צו פארהאלטן זיך רואיק!

מ נ ח ם ב ן - ח ו ר י ן : זייער חשובער עולם! איך וועל אין מיין היינטיק ווארט אויף דעם מאסן-מיטינג באריר‍ן א טעמע, וואס איר אלע וועט זיכער מודה זיין, אז דאס איז אן ענין פון דער גאר גרויסער וויכטיקייט און געוואלטיקער אקטואליטעט. דא האנדלט זיך נישט צי איר וועט יא אדער נישט אננעמען מיין מיינונג, מיר זיינען אלע דעמאקראטן און לעבן אין א דעמאקראטישער מלוכה און יעדער איינער האט די רעכט זיך פריי און אפן ארויסצוזאגן זיין מיינונג. איך וויל באריר‍ן דעם וויכטיקלעכן פראבלעם פון נעמען די רעפאראציע-געלטער פון די דייטשן און דערמיט העלפן אויפבויען אונדזער לאנד, דאס איז שוין א באשלוס פון כנסת און פון דער ישראל רעגירונג און מיר ווילן אויפקלער‍ן אונדזער שטעלונג, די שטעלונג פון דער חרות-פארטיי אין ישראל און אין כל תפוצות ישראל. פאר אונדז זיינען די דאזיקע געלטער טמא און מוקצה מחמת מיאוס! פאר אונדז זיינען די דאזיקע געלטער צוגערויבט פון אונדזערע זעקס מיליאן קדושים, ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען געגאנגען אויף קידוש - השם וקידוש האומה! מיר קענען נישט און טאר‍ן נישט אפילו זיך אוועקזעצן ביי איין טיש מיט די פארשטייער פון דייטשן מערדער פאלק, וואס האט פארואורזאכט דעם גרעסטן חורבן פון יידישן פאלק פון אלע צייטן און פון אלע דורות! פאר אונדז איז דאס דאזיקע געלט, וואס די ישראל רעגירונג וועט נעמען פארן צוועק פון בנין הארץ, טריפה און געלט פון א חירום-פאלק, ווייל דאס וועלט-יידנטום האט דאס דאזיקע פאלק געלייגט אין חירם אריין און סיי די דייטשע ערד איז פאר אונדז טמא און סיי יעדער משא ומתן מיט דעם דייטשן מערדער-פאלק איז פאר אונדז געאסרט! הונדערטער יאר‍ן וועלן מוזן אפלויפן, ביז דאס דייטשע פאלק וועט זיך קענען אויסקויפן פאר די מערדערייען און אכזריותן, וואס עס איז באגאנגען מיטן יידישן פאלק! פארדאמט זאל ווער‍ן יעדער וואס וועט נהנה זיין פון דעם דאזיקן טריפהנעם געלט! יעדע מגע ומשא מיט די דייטשן מאכט טמא דעם מענטש! מיט דעם גרעסטן פראטעסט ווארפן מיר אפ דעם באשלוס פון דער רעגירונג פון מדינת ישראל ווידער גוט צו מאכן די באציאונגען מיט דעם דייטשן פאלק אזוי ווי די דייטשע רוצחים ווילן דאס, און מיט דער גרעסטער פאראכטונג וועלן מיר מיט עקל צוריקווייזן יעדע פרוטה וואס וועט קומען פון די דייטשע רוצחים! חירום און איסור, אט דאס האבן מיר מכריז געווען פאר דער וועלט און ווער עס קומט נאר אין בארירונג מיט די דאזיקע זאל אויך אין חירום אריינגעלייגט ווער‍ן! א חילול השם און א חילול האומה פאסירט היינט אין מדינת ישראל און פאראנטווארטלעך פאר דער געשיכטע איז די רעגירונג פון דער פארטיי פון בן-גוריון! מענטשן, וואס העלפן באפרייען מערדער פון זייערע זינד זיינען אליין מיט-

שולדיקע אין די פאַרברעכנס, אַ שאַנדע! מען דאַרף אייך שטעלן צום שאַנד־סלופּ! די געשיכטע וועט אייך מישפּטן! (אַראָפּ! געשרייען: פאַשיסטן! אַראָפּ רעאַקציאָנערן!)

(פּאַרזיצער קלינגט, עס ווערט אַ גערודער, אויף דער בינע ווערט פינצטער).

## בילד 9

מען זעט אין הינטערגרונט אַ קינאָ־בילד ווי עס קומט אָן אַ דייטשע שיף מיט סחורות. אַ פּראָטעסט דעמאָנסטראַציע. מען לאָזט נישט אָפּלאָדענען. אַ געשלעג, אַ געשריי, מערדער! בלוט פון 6 מיליאָן קדושים! פאַשיסטן, יונגעלייט שלאָגן זיך, עס מוז אינטערווענירן פּאָליציי, פאַרהאַנג פאַלט אונטער די געשרייען און שיסערייען).

אויפשריפט:

# נישט מוחל זיין און נישט שענקען!!!

## בילד 10

אויפשריפט:

# אַ זיצונג אין רעגירונגס הויז אין ירושלים

(אויף דער וואַנט אַ ריזיק בילד פון ד"ר הערצל אין דער מיט, רעכטס אַ בילד פון ד"ר חיים ווייצמאַן, לינקס אַ בילד פון דוד בן־גוריון, די בלוי־ווייסע פאָן איבער אַלעמען)

אַ זיצונג פון מיניסטאַרן־קאַבינעט מיט בן־גוריונען בראָש.

איידער די פאַרמאַנג הייבט זיך אויף הערט זיך אַ הויך גערעדט, אייןרעדנער שרייט, קענטיק אַז די זיצונג איז אַ שטורמישע, בן גוריון קלינגט מיטן גלאָק).

האַנדלס מיניסטער: אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן נישט צולאָזן דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל אינוועסטירן אין דער אינדוסטריע אַזוי לאַנג וועט אַלץ מערער וואַקסן דער קריזיס אין לאַנד, די אַרבעטסלאָזיקייט וועט וואַקסן און מיר וועלן יעדן טאָג האָבן פּראָטעסטן מיט דעמאָנסטראַציעס פון אַרבעטסלאָזע!

בן־גוריון: וואָס לייגט איר פאָר קאָנקרעט?

האַנדלס מיניסטער: איך שלאָג פאָר, אַז די רעגירונג זאָל פאָרלייגן דעם כנסת צו שאַפן אַ געזעצע קעגן שטרייקן און ברייט עפענען די טירן פאַר דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל צו אינוועסטירן זעלבסטשטענדיק אָן שום שותּפות פון דער רעגירונג אָדער פון הסתדרות.

דינער: עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון אַמעריקאַנער יידן, אַט איז זייער נעמען (דערלאַנגט אויף אַ טאַס די וויזיט־קאַרטן פון דער דעלעגאַציע).

בן-גוריון לייענט איבער: מיסטער מארגענטאל פון ניויארק, מיס־טער גאלדמאן פון טשיקאגא, הער אדאלף קאהען פון בערלין, (צום דינער) נעמט זיי אויף! באלד זאלן זיי אריינקומען.

מליץ: (פון דער זייט) א דעלעגאציע פון בעלי מאה וואס ווילן האבן רי דעה!

(די דעלעגאציע קומט אריין, די זיינען די זעלביקע דריי יידן, וואס האבן צוזאמען מיט זייערע פרויען באזוכט דעם קיבוץ „אחדות העבודה").

בן-גוריון: שטעלט זיך אויף גייט זיי אנטקעגן) שלום לכם!!! ביטע זיצט! מען באגריסט זיך הענגוזייטיק מיט אלע מיניסטארן זיי זיצן) וואס איז אייער בקשה? אדנים ניכבדים! מיר זיינען זייער צופרידן צו זעען אייך דא אין מדינת ישראל! מיר זיינען גרייט אויסצוהערן,, ביטע, איר האט דאס ווארט!

מארגענטאל: איך בין א גרויסער בוי-עמפרעסאר, איך האב אין ניו יארק אויפגעבויט זייער פיל קווארטאלן, וויל איך היינט, אלס א הייסער איבערגעגעבענער ציוניסט, אינוועסטירן א קאפיטאל פון הונ־דערט מיליאן דאלאר און אויפבויען א רייע האטעלן אין ירושלים, חיפו און טבריה, אז דאס דאזיקע קוראָרט פון הייסע בעדער (טערמאס) אין טבריה זאל ווערן א צוצואונגס פלאץ פאר יידן, קריסטן און אראבער פון דער גאנצער וועלט. ביטע, דא גיב איך אייך איבער שריפטלעך מיין גאנצן פלאן, איך בין זיכער, אז נאך אייער ריכטיקן שטודיום וועט איר מיר געבן א פאזיטיוון ענטפער.

בן-גוריון: טוב מאד! אדון גאלדמאן, וואס לייגט איר אונדז פאר?

מיסטער גאלדמאן: איך רעפרעזענטיר א גרויסן קאנסארציום פון עלעקטריציטעט ווערק אין טשיקאגא. מיר ווילן דא אינוועסטירן ביז 20 מיליאן דאלאר אין גרינדן גרויסע פאבריקן אין פארשיידענע פונקטן פון לאנד. מיר וועלן מיט אונדזערע עלעקטרישע אויסארבעטונגען קענען באשעפטיקן ביז 3.000 ארבעטער און אנגעשטעלטע. מיר וועלן אונדזערע אינדוסטריעלע אויסארבעטונגען פון הויכער קוואליטעט קענען עקספארטירן אויפן גאנצן נא־ענטן מיזרח און קאנקורירן מיט די אנדערע אימפארטירטע סחורות פון דעם מין. מיר ברענגען אראפ די נייסטע אמעריקאנער מאשינען און די בעסטע פאכמענער, עלעקטרי-אינזשעניערן. ביטע, דא האט איר מיין פלאן שריפטלעך צום שטודירן און באטראכטן. (גיט איבער זיין פלאן).

בן-גוריון: (אנטציקט) זייער גוט! זייער גוט! (אלע מיניסטארן קוקן זיך איבער) (גיט איבער מעמאראנדום), הער אדאף קאהען, איר האט דאס ווארט!

קאהען: איך קום אין נאמען פון א גרופע דייטשע יידן, פאכמענער אין דער כעמישער פארבן אינדוסטריע. מיר ווילן דא אינוועסטירן א קאפיטאל

פון 100 מיליאן פונט שטערלינג, מיר בעטן א קאנצעסיע פון דער רעגירונג פון ישראל צו קענען עקספלאאטירן דעם ים המלח! איך וויל אייך אויפמערקזאם מאכן, דאס איך בין פאר דער היטלער-קאטאסטראפע געווען 12 יאר צייט דער פרעזידענט פון קרן-היסוד אין גאנצן רייך געביט אין דייטשלאנד. מיין גאטזעליקער פאטער איז געבוירן אין ווין און געווען זייער גוט באפריינדעט מיט דעם גאטזעליקן דר. טעאדאר הערצל! איך בין פון מיין קינדהייט אריינגעטאן אין דעם ציאניזמוס און היינט, ווען מיר האבן דערלעבט צו האבן אן איינענעם שטאט וויל איך מיין קאפיטאל אינוועסטירן אין יידישן שטאט, נישט בלויז אויף ארויסצוציען פראפיטן, נאר אלס אידעאליסט און הייסער ציאניסט! ביטע, מיין מעמאראנדום! (גיט איבער זיין מעמאראנדום).

בן-גוריון: ווי לאנג דענקט איר צו פארבלייבן דא אין ישראל?

מארגענטאל: (קוקט זיך איבער מיט די אנדערע יידן) איך דענק נאך 8 טעג צייט!

בן-גוריון: אין פארלויף פון דער צייט וועלן מיר דאס שטודירן און אייך ענטפערן.

ארבעטס מיניסטער: (א פרוי) וואלט איר נישט איינגעוויליגט צו מאכן שותפות אייערע אונטערנעמונגען, וואס זיינען אגב זייער שיינע און נוצלעכע, צוזאמען מיט דער הסתדרות און מיט אונדזערע רעגירונגס אונטערנעמונגען?

מארגענטאל: א, מיינע הערן! דאס נישט! מיר זיינען געקומען מאכן ביזנעס אליין, און מיר האבן גענוג געלט צו קענען אליין אינוועסטירן קאפיטאלן, מיר נייטיקן זיך נישט אין שותפים!

בן-גוריון: א, מיינע הערן, מיר לעבן אין א דעמאקראטיש לאנד, יעדער איינער האט די רעכט צו פרעגן, וואס ער וויל און צו טאן וואס ער וויל, אויב דאס איז נאר אין הסכם מיט די געזעצן פון לאנד!

(אלע שטעלן זיך אויף. קענטיק, אז די אנפראגע האט זיי אביסל געטראפן, זיי געזעגענען זיך, בן-גוריון באגלייט זיי ביז צום ארויסגאנג).

בן-גוריון: עס פרייט מיך באזונדער צו זען יידן וואס ווילן אריינלייגן זייערע קאפיטאלן אין מדינת ישראל, מיר דא נייטיקן זיך אין דריי זאכן אויף צו קענען בויען די מדינה, דאס איז: חלוצים, קאפיטאליסטן און וויסנשאפטסמענער, איר זענט פאר אונז געוואונטשן, און געקומען אין דער ריכטיקער צייט.

מארגענטאל: אבער אן שותפים!

בן-גוריון: יא, מיר וועלן אייערע בקשות גלייך שטודירן און אייך צו דער צייט ענטפערן, לכו לשלום!

אַ ל ע : להתראות! שלום!

בן-גוריון: ובכן, מען האָט אונדז איבערגעשלאָגן די זיצונג איבער דער פראַגע פון קאַפּיטאַל אינוועסטיציעס פון אויסלאַנד. איך מיין אַז די דאָזיקע פראַגן זיינען צו וויכטיק מען זאָל זיי באַטראַכטן בחיפזון. לאָמיר אָפּלייגן די זיצונג אויף מאָרגן און מיר מוזן קומען צו אַ דעפיניטיוון באַשלוס, ווייל איך וועל ווייטער נישט איינגיין אויף קיין שום אָפּשלעפּעניש. פאַראַן צענדליקער פּראָבלעמען, וואָס שטייען אויפן סדר-היום צו לייזן, בעט איך אייך, חברים ניכבדים, לאָמיר בכובד ראש אַלץ גוט אַדורכשטודירן און קומען צו אַ הסכם אָדער מיסקנה. מסכים?

אַ ל ע : מסכים!

בן-גוריון: די זיצונג איז אויפגעהויבן. המשך מאָרגן, שלום!

## בילד 11

אויפשריפט:

# אַ זיצונג פון פּאַרטיי־ראַט פון „מפּא״י״

(אויף דער וואַנט הענגען די בילדער פון בער באָראָכאָוו, בערל קאַצענעלסאָן, א. ד. גאָרדאָן און ד״ר חיים ארלאָזאָראָוו און דוד בן גוריון. אַרום טיש זיצן די פּאַרטיי-פירער מיט ב. ג. בראש)

בן-גוריון: (פון אויבן-אָן, טוט אַ קלינג מיטן טיש-גלעקל) חבר מזכיר! לייענט איבער דעם סדר-היום פון דער היינטיקער זיצונג פון פּאַרטיי-ראַט פון „מ פּ א ״ י״!

מזכיר: אויפן סדר היום שטייען צוויי פונקטן; פונקט 1 איז אונזער שטעלונג וועגן אינוועסטיציעס פון אויסלענדישע קאַפּיטאַלן אין שאַפן נייע אַרבעטס-מעגלעכקייטן און אַרבעטס-פּלעצער; און פונקט 2 איז: אונדזער שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון חינוך, ד״ה וועגן פאַראיינהייטלעכן דאָס שולוועזן, יצווישן וועלכע עס גייט אויך אַריין די פראַגע פון די פענער אין די שולן, ד״ה צי זאָל מען אין די שולן אויפהענגען נאָר בלויז איין איינציקע פאָן, די בלוי-ווייסע, אָדער צי זאָל מען אויך אויפהענגען די רויטע אַרבעטער-פאָן?

בן-גוריון: חברים, זייט איר אפשר מסכים, אַז מיר זאָלן פריער באַהאַנדלען דעם פונקט 2, כדי צו קענען דעם ערשטן פונקט פון סדר-היום באַטראַכטן און באַהאַנדלען לענגער אַביסל. איך לייג דאָס פאָר מיטן מאָטיוו,

וואס איך האב באקומען היינט א ווארנונג און בקשה מצד די מיזרחים און ציונים כללים; זיי בעטן דעם ענין פון חינוך און פון די פענער באהאנדלען וואס גיכער און וואס פריער, זיים איר מסכים צו באהאנדלען פריער דעם פונקט 2?

א ל ע : מסכים!

ב ן - ג ו ר י ו ן : ווער רעפערירט איבער דעם פונקט?

1 ט ע ר ר ע ד נ ע ר : חברים! איך וואלט נישט געגלייבט, אז חבר בן-גוריון וועט ביכלל שטעלן דעם דאזיקן פונקט אויפן סדר-היום פון אונדזער פארטייראט. ביי מיר קען נישט זיין קיין שום ספק, אז אין אונדזערע שולן, וואס זיינען קודם-כל וועלטלעכע אזוי ווי אין א מאדערנעם שטאט, אז אין די דאזיקע שולן מוז אויפגעהאנגען ווערן, א חוץ די יידישע בלוי-ווייסע פאן פון איין זייט, די רויטע פרייע ארבעטער-פאן פון דער צווייטער זייט. ווען מיר זיינען נעגאנגען אויף די באריקאדן און געקעמפט קעגן די רוסישע סאטראפן און האבן געחלומט פון א שענערן און בעסערן מארגן; ווען מיר האבן אונדזער בלוט פארגאסן און געשמירט די רעדער פון אלע רעוואלוציעס אין רוסלאנד און אין דייטשלאנד האבן מיר נישט דאן געדענקט אנדערש, אז ווען מיר וועלן די זכייה האבן און וועלן אין אונדזער אייגענער מלוכה קענען דעצידירן איבער אזעלכע פראבלע-מען ווי וועגן דעם צוקונפטיקן דור דערציען, איבער די מעטאדן פון חינוך, אז מיר וועלן דאס טוען אין גייסט פון דער פרייער סאציאליסטישער וועלט, אנדערש קענען מיר דאס נישט פארשטיין. מיר טארן נישט מיטהעלפן, אויב מיר שטייען ביים מלוכה-רודער, אויפבויען אז אלטן אפגעלעבטן פארפוילטן סיסטעם פון דער קאפיטאליסטישער אונטערגייענדיקער וועלט! מיר מוזן אונדזערע קינדער דערציען אין גייסט פון סאציאליזם און זיי דערציילן וואס עס באטייט פאר אונדז די רויטע פרייע ארבעטער-פאן! פונקט אזוי ווי מען דארף זיי דערציילן פאראלעל וואס עס באטייט פאר אונדז די בלוי-ווייסע יידישע פאן, דגל ציון מוז זיין צוזאמען מיט דגל אדום!

ב ן - ג ו ר י ו ן : ווער בעט א ווארט?

2 ט ע ר ר ע ד נ ע ר : איך האלט, אז איין זאך איז ווען מיר וואלטן געהאט אונדזערע אייגענע ארבעטער שולן, אומאפהענגיק פון דער מלוכה, נאר מיר וואלטן די שולן אויסגעהאלטן מיט אונדזער געלט, דאן קענען מיר דארטן טוען אלץ לויט אונדזערע אייגענע מעטאדן און אויפפאסונג! קיינער קען אונדז נישט שטערן צו טוען אין אונדזערע פארטיי-שולן וואס מיר ווילן, מיר קענען אין אונדזערע שולן אויפהענגען די בילדער אפילו פון קארל מארקס און אפילו פון ליבקנעכטן, צי גאר פון סטאלינען, אויב עס נעפינען זיך צווישן אונדז אזעלכע, קען מען וועגן אלץ דיסקוטירן. חברים! דא האנדלט זיך אבער וועגן די שולן פון דער מלוכה! און די מלוכה זיינען נישט בלויז מיר פועלי-ציון-התאחדות, אין דער מלוכה זיינען פארטראטן אלע פארטייען פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס, און פאר די מלוכה-שולן צאלט יעדער בירגער פון

מדינת ישראל, און די רעגירונגס-קאסע טאר זיך נישט רעכנען מיט די מיינונגען פון איין שיכט בירגער און איינפירן דארטן אין די שולן סיסטעמען פון נאר ארבעטער-פארטייען, מעגן אפילו די דאזיקע פארטייען זיין די אנפירנדיקע אין דער מדינה! איך האלט, אז מפני דרכי שלום, כדי עס זאל קענען איינגעפירט ווערן אן איינהייטלעכער סיסטעם פאר אלע בירגער, זאל אין אונדזערע רעגירונגס-שולן איפגעהאנגען ווערן איין איינציקע פאן און דאס איז די בלוי-ווייסע דגל ציון.

ב ן - ג ו ר י ו ן : ווער בעט... חבר איר האט דאס ווארט!

3 ט ע ר ר ע ד נ ע ר : מיך וואונדערט צו הערן אזעלכע אויסגעדראשענע און שאוויניסטישע טעאריעס פון חבר לייבמאן, ווי אזוי און מיט וואס פאר א צוגאנג ער באטראכט אזעלכע הארבע פראבלעמען ווי חינוך און צוקונפט פאר אונדזער יונגן דור. היינט ווען עס האנדלט זיך וועגן אוועקשטעלן א שול-סיסטעם אין מדינת ישראל, אן איינהייטלעכן שול-סיסטעם, קען מען קומען מיט מיינונגען און אפפסקענען, אז די פרייע ארבעטער פאן זאל באזייטיקט ווערן פון אונדזערע שולן? (מיט פאטאס) איז דאס נישט רעאקציע און זעלבסט-נארעריי פון אייגענע חברים? ניין! חברים! ווען בער בוראכאוו, אונדזער בער בוראכאוו האט מיט קנאפע פופציק יאר צוריק אין פאלטאווע אויסגעטרוימט דעם פראלעטארישן ציוניזם, אויסגעבאנט א וועג פאר אונדז נייע חלוצים און קעמפער, פאר אונדז חולמים און לוחמים, האט ער נישט געדענקט, אז ווען עס וועט אמאל קומען די אויסגעבענקטע שעה און דער יידישער ארבעטער וועט קומען צו דער מאכט אין אונדזער אייגענער מלוכה, אז ער זאל מיטהעלפן אויפבויען אין מדינת ישראל די פארפוילטע קאפיטאליסטישע סיסטעמען, ניין! נישט וועגן אזא ארדענונג האט בוראכאוו און די אלע אנדערע קעמפער און בויער געחלומט צו זען אין דער ווירקלעכקייט אין מדינת ישראל! איך באצי זיך נישט בלויז צו די חינוך פראבלעמען, נאר אויך צו אלע אנדערע פראבלעמען וואס קומען אונטער אין דער מלוכה, היינט אדער מארגן, מיר מוזן איין מאל פאר אלע מאל פעסטשטעלן, ווער זיינען מיר? זיינען מיר אן ארבעטער-מלוכה, צי זיינען מיר א מלוכה, וואס רעפרעזענטירט דעם קאפיטאליסטישן סיסטעם?! איך האלט אומבאדינגט, אז שום קאמפראמיסן, אין די יידישע פאלקס-שולן און אין אלע דערציאונגס אנשטאלטן, וואס ווערן געשטיצט פון דער מלוכה מוז, צו גלייכער צייט מיט דער בלוי-ווייסער פאן פון רעכטס, קומען פון לינקס די פרייע רויטע ארבעטער-פאן! (די מערהייט אפלאדירט).

ב ן - ג ו ר י ו ן : חברים, דערלויבט מיר אויך צו נעמען א ווארט אין דעם ענין. איך וויל נישט בארירן באותו הרגע אנדערע פראבלעמען וואס קענען אונטערקומען, ווי עס האט דא פריער דערמאנט חבר אברהם, נאר איך וויל אייך נאר אויפמערקזאם מאכן אויף איין איינציקן מאמענט. חברים, אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו! זאגן אונדזערע חז"ל. פארגעסט נישט, חברים, אז איך שטיי אין דער שפיץ פון דער מלוכה, פון דער מלוכה מיט וועמען עס

ארבעטן מיט די ציונים כללים. מיט זיי האבן מיר א קאאליציע. נישט מיר מפא"י אליין קענען בילדן א רעגירונג און נישט מיר וועלן קענען באקומען א צוטרוי וואטום פון גאנצן יידישן פאלק, דא און אין חוץ לארץ! נעמט אין אכט, אז מיר אליין זיינען נישט די באלעבאטים פון דער מדינה. אויף אונדז קוקט מען פון ארבע פינות העולם, עס קוקן אונדזערע יידן, סיי דא אין ישוב און סיי דארט אין אלע תפוצות. דער ענין פון חינוך סיסטעם אין די בתי ספרים פון ישראל איז נישט אפצושרייען מיט שיינע רעוואלוציאנערע פראזן, מעגן די דאזיקע זיין ווי שיין און ווי לאגיש! מיר מוזן טוען זאכן, וואס זאלן גוט זיין נישט בלויז פאר זיך נאר אויך פאר יענעם! מאן דסאני לך לחברך לא תעביד! אוודאי קענען מיר נישט זיין גוט און יוצא זיין פאר אלעמען, אבער לכל הפחות פאר אונדזערע שותפים אין דער רעגירונג מוזן מיר דאך טוען אזעל־כעס צו וועלכן זיי זאלן אויך קענען מסכים זיין! איצטער שטעלט אייך פאר, חברים און איר חבר אברהם, מיר וועלן דא ארויסטראגן א באשלוס, לויט אונדזער מיינונג א ריכטיקן באשלוס, לויט אונדזער סאציאל. אויפפאסונג. אין אונדזערע שולן וועלן גלייכבארעכטיקט ביידע פענער, די בלוי-ווייסע און די רויטע, און מארגן מוזן מיר דאס ראטיפיצירן אין כנסת וואו מיר וועלן אפשר און זיכער באקומען אין דעם פאל אן אבסאלוטע מערהייט אויך מצד די אנ-דערע לינקע גרופירונגען. און וואס וועלן מיר דאן טוען, ווען די ציונים מיט די מיזרחים און די אנדערע רעכטע גרופירונגען, צי אפשר גאר אויך לינקע, וועלכע זוכן אונדז צו באקעמפן? טא וואסזשע וועלן מיר טוען, ווען מען דריקט אונדז אויף אן אומצוטרוי-וואטום און אייניקע מיניס-טארן, אפשר די מערהייט, רעזיגנירן און עס באקומט זיך א גרויסער רעגירונגס קריזיס? זעט איר פאר די פאלגן אין איצטיקן מאמענט, בעת מיר שטייען פאר אזעלכע סכנהדיקע געשעענישן, גרעסערע ווי: יא אדער נישט אויפהענגען די רויטע פאן אין אונדזער ישול? איך שטיי דאך אין דער שפיץ פון דער מלוכה און טראג די אחריות פאר אלעמען. וואס זאל איך טון, איר מוזט דאך וועגן דעם אויך א טראכט טון? איר טראגט אויך די אחריות פאר דער מלוכה, איר האט מיך דאך געשיקט צו ווערן דער סגן המיניסטער פון ישראל, טא בארעכנט אייך גוט וואס איר טוט, כדי איר זאלט שפעטער נישט דארפן באדויערן פאר אייער לייכטזיניקייט!

2 טער רעדנער: (צווישנרוף) יא, מיר טראגן די זעלביקע אחריות און מיר בעטן: שטעלט צו אפשטימונג די פראגע!

בן גוריון: עס גייט נישט וועגן שטעלן צו אפשטימונג, נאר אין אדורכריידן זיך פריער, איידער מען שטעלט צו אפשטימונג, איך רייד דאך וועגן קומען צו א הסכם.

2 טער רעדנער: חבר בן-גוריון! איר ווילט אונדז איבערצייגן, צי ווילט איר אונדז טעראריזירן?

בן-גוריון: חבר (שטרענג) איך וויל אזעלכע אויסדרוקן דא נישט

הערן! קיינער וויל נישט טעראריזירן און קיינער וויל נישט איבערציינגן, נאר איר דארפט רעספעקטירן יעדערנס מיינונג. איך האב אייך אויסגעהערט און אייך נישט געשטערט, און איר זאלט שווייגן ווען איך רייד! (טוט א שלוק וואסער) בעת עס איז מיט א חודש צוריק געקומען צו מיר דער בילדונגס־מיניסטער, אן אייגענער חבר און מיט מיר פארטרוילעך גערעדט אן ענין, וואס איך קען עס איצטער נישט איבערגעבן, האבן מיר בכובד ראש און מיט דעם גרעסטן ערנסט גוט אדורכשטודירט דעם ענין. מיר זיינען נישט געקומען צו א הסכם, ווייל עס איז אונדז: אוי לי מיצרי און אוי לי מיוצרי! ווי אזוי מיר זאלן באשליסן, יא אדער נישט אויפהענגען די רויטע פאן, איז דאס פאר אונדז א זייער הארבער פראבלעם, וואס מען קען דאס נישט און מען טאר דאס נישט אפפטרן כלאחר יד. איך, חברים, קום צו אייך איצטער ווי דער ראש הממשלה און זאג אייך און בעט אייך: חברים, טוט א זאך, אז אייערע שותפים זאלן אויך זיין צופרידן, ווייל א רעגירונגס־קריזיס, אינעם איצטיקן מאמענט ביפרט, באדייט פאר אונדז א גרויסער מאראלישער קלאפ. איצטער וועל איך שטעלן דעם ענין צו אפ־שטימונג.

א חבר: איין מאמענט, איך וויל נאך עפעס צוגעבן.

בן־גוריון: איר ווילט ריידן פאר אדער קעגן?

חבר: איך וויל ריידן קעגן דער רויטער פאן.

בן־גוריון: וואס ווערט איר ריידן; די פראגע איז שוין גוט אדורכ־געלופטערט און מיר שטימען אפ, איר ווערט שטימען ווי אזוי איר פארשטייט. חברים, ווער איז דערפאר, אז אין די רעגירונגס שולן פון מדינת ישראל זאל אין די יום־טובים אויפגעהאנגען ווערן בלויז די יידיש־נאציאנאלע בלוי־ווייסע פאן, דער זאל אויפהייבן א האנט? (ציילט) איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס, זיבן, אכצן. — ווער איז דערפאר, אז מען זאל אויפהענגען, א חוץ די בלוי־ווייסע פאן, אויך די רויטע פאן, זאל אויפהייבן א האנט? (ציילט; איינס, צוויי, דריי, אכט־און־דרייסיק. חברים! מיר טרעטן צו צו באהאנדלען דעם צווייטן פונקט, וועגן אינוועסטיציעס פון אויסלענדישע יידישע קאפיטאלן. מזכיר, איך בעט נאכאמאל פארמולירן דעם ענין.

מזכיר: (פארמולירט) עס ליגן פאר אונדז דריי ווענדונגען פון יידן, וועלכע ווילן אינוועסטירן זייערע קאפיטאלן אין מדינת ישראל. זיי בעטן די גע־העריקע קאנצעסיעס. דארף דער פארטיי־ראט באשטימען און ברענגען זיין בא־שלוס צו דער רעגירונג.

1טער רעדנער: איך האלט, אז עס קען נישט זיין קיין שום ספק. דער פארטיי־ראט דארף אננעמען א פאזיטיוון באשלוס, אז אלע אויס־לענדישע אינוועסטיציעס זיינען פאר אונדז געוואונטשן. און אויב די קאפי־טאליסטן ווילן נישט מאכן קיין שותפות מיט דער רעגירונג צי מיט דער היס־תדרות, קענען זיי אליין טוען לויט זייער אייגענעם ווילן, און מיר דארפן זיי געבן

קאָנצעסיעס. זאָלן וואָס מערער אַרבעטער באַקומען אַרבעט. מיר וועלן מיט אייגענעם קאַפּיטאַל און מיט בלויז אינוועסטיציעס פון מגבית-געלטער נישט קענען אויפבויען דאָס לאַנד. אפשר שפּעטער מיט צוואַנציק יאָר וועלן מיר ייִדן וועגן איינפירן בשותפותדיקע געצוואונגענע אינוועסטיציעס. היינט קענען מיר דאָס נישט טוען.

2טער רעדנער: איך האַלט, אַז אויב מיר סאָציאַליסטן געפינען זיך ביים מלוכה-רודער, און באַקומען שטיצע פון וועלט-ייִדנטום, און מיט די דייטשע רעפּאַראַציע-געלטער, קען מען אויסקומען אָן שום פּרעמדן קאַפּיטאַל, אויב ער קומט נישט בשותפות מיטאַרבעטן מיט אונדזערע קאָאָפּעראַטיווע אָנשטאַלטן אָדער מיט דער היסתדרות. אויב די רייכע ייִדן פון דער גאַרער וועלט ווילן קומען צו אונדז מאַכן ביזנעס זאָלן זיי דאָס טוען צוזאַמען מיט דער רעגירונג אָדער מיט דער היסתדרות. עס קען נאָר מעגלעך זיין ווען דאָס וועט זיין אַ שותפות פון ייִדישן קאַפּיטאַל מיט ייִדישער אַרבעט! אָבער באַין אופן נישט אַרויסציען די פּראָפיטן צוזאַמען מיטן מאַרך פון ייִדישן און אַראַבישן אַרבעטער. פאַר די ייִדן איז געווען אַ זכייה, אַז מיט זייער געלט ווערט אויפגעבויט די ייִדישע מדינה און זיי, די ייִדן פון דער גאַרער וועלט, באַקומען די גרויסע חשיבות אין די אויגן פון אַלע פעלקער. דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַ לאַנד. און מיר דאַרפן דינען אַלס ביישפּיל פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז ביי אונדז אין לאַנד איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל, באַלד ביי דער גרינדונג, באַזייטיקט געוואָרן דער מין קלאַסן-קאַמף; אונדזער מדינה איז באַלד געבויט אויף יושר און קאָלעקטיווער אַרבעט! אויב מיר האָבן נישט באַלד איינגעפירט דעם סאָציאַליסטישן רעזשים, האָבן מיר אָבער באַלד פון אָנהייב איינגעפירט סאָציאַלע רעפאָרמען און נישט דערלאָזט צו מענטשלעכער עקספּלואַטאַציע, וואָס דערפירט צו שטרייקן און לאָקאַוטן; אויב מיר קענען נישט האָבן אַן אייגענע מדינה וואו עס זאָל הערשן סאָציאַלע גערעכטיקייט דאַרפן מיר נישט! אָדער כולו זכאי אָדער כולו חייב! נישטאָ קיין מיטלוועג פאַר אונדז! געווען אַמאָל פשרות ביי ייִדן, און די דאָזיקע אָפּאָרטוניסטישע שיטות האָבן פאַרלענגערט דאָס גלות; דאָס ייִדישע און דאָס מענטשלעכע גלות! היינט, ווען מיר האָבן מיט בלוט און שוויים אויסגעקעמפט מדינת און מלכות ישראל, זיינען מיר אַלע גלייך! גלייכע רעכטן און פליכטן פאַר אַלע, אָן אונטערשייד! נישטאָ קיין פּריווילעגירטער קלאַס! זאָל קומען דער ייִדישער קאַפּיטאַל און מיר וועלן זיך מישתתף זיין מיט אונדזער אַרבעט און בשותפות אויפבויען מדינת ישראל! מיר ווילן ווייזן דער וועלט אַ ביישפּיל, פּונקט ווי מיר ווייזן עס מיט אונדזערע קיבוצים, וואָס דינען פאַר אַ ביישפּיל בעיני כל הגוים!

בן-גוריון: וואָס רעזומירט איר?

רעדנער: איך רעזומיר, אַז מיר קענען נאָר געבן קאָנצעסיעס צו די קאַפּיטאַליסטן ווען די קאַפּיטאַלן וועלן זיין בשותפות מיט דער רעגירונג, אָדער מיט היסתדרות; פופציק פּראָצענט אויסלענדיש קאַפּיטאַל און פופציק

פּראַצענט די רעגירונג אָדער אונדזערע ארבעטער-קאאפּעראַטיוון און אונטער-נעמונגען.

בן גוריון: וויל ווער נאָך אַ וואָרט איבער דער פראַגע?

איינער: איך מיין, אַז עס איז שוין דער ענין גענוג קלאָר, די פּאַריקע צוויי חברים האָבן גענוג באַלויכטן די פּראָבלעמען פון קאַפּיטאַל און ארבעט, און עס איז מער נישט נייטיק צו ריידן. מען דאַרף דאָס שטעלן צו אָפּשטימונג.

בן-גוריון: חברים, איך וואָלט געוואָלט, איידער מיר גייען דעם ענין אָפּשטימען, זאָלט איר אייך אָוועקזעצן אויף מיין אָרט אין רעגירונגס-הויז און אָנפירן כאָטש איין טאָג מיט די אַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענינים, וואָס אַנטשטייען מדי יום ביומו. אַנדערש זיינען טעאָריעס, און שיינע טעאָריעס, אמתע און לאָגישע טעאָריעס, און אַנדערש איז די רעאַלע ווירקלעכקייט. איין זאַך זיינען אידייען און אַ צווייטע זאַך איז די האַרטע ווירקלעכקייט. נו, מילא, איר ווילט אָפּשטימען? איך מוז טון דאָס וואָס דער רבים הייסט. איך שטעל דעם ענין צו אָפּשטימונג: חברים, ווער איז דערפאַר, אַז די רעגירונג זאָל געבן קאָנצעסיעס אויסלענדישן קאַפּיטאַל צו אינוועסטירן אין אונטערנעמונגען אין לאַנד, אַז דער באַטייליקונג פון דער רעגירונג אָדער פון היסתדרות העובדים הכללית, דער זאָל אויפהייבן די האַנט? (ציילט איבער) עלף שטימען. — חברים! ווער איז דערפאַר, אַז די רעגירונג זאָל געבן קאָנצעסיעס צו קאַפּיטאַליסטן, נאָר בתנאי אויב זיי וועלן איינוויליקן צו אינוועסטירן זייערע קאַפּיטאַלן בשות-פות מיט דער רעגירונג אָדער מיט דער היסתדרות, זאָל אויפהייבן די האַנט? (ציילט איבער) פיר-און-צוואַנציק. — חברים! דער פּאַרטיי ראַט האָט אָפּגע-שטימט, אַז אויסלענדיש קאַפּיטאַל קען נישט אינוועסטירט ווערן אויף אויסנוצן די נאַטירלעכע אוצרות פון לאַנד אָדער אין אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען, נאָר בתנאי אויב די דאָזיקע אינוועסטיציעס וועלן קומען בשותפות, גלייך אויף גלייך, מיט די אינוועסטיציעס פון דער רעגירונג אָדער מיט דער היסתדרות. תודה רבה! די זיצונג איז געענדיקט.

(מען צעגייט זיך, מערקנדיק אַז אויף בן-גוריונען האָבן די צוויי באַשלוסן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק).

---

(פאָרהאַנג פאַלט)

## בילד 12

אויפשריפט:

# אַ זיצונג פון „דזשואיש קאָמיטע" און רייכע יאַהודים
## אין ניויאָרק

(אויף דער וואַנט הענגען בילדער פון רוזוועלט, טרומאַן, אייזענהאוער, לינקאָלן א.א. און די אַמעריקאַנער פאַן)

מליץ: (אין פאָדערגרונט) אַ זיצונג פון די רייכע יאהודים אין אמע-ריקע, אַ זיצונג פון האָכגעשעצטן „דזשואיש קאָמיטעט" וואָס האָט מורא פאַר „טאָפּלטער לאָיאַליטעט", כאַ, כאַ, כאַ! (פאַרנייגט זיך, אַפּ. פאָרהאַנג הייבט זיך אויף).

1 טער יאַהודי: מיר מוזן שיקן אַ טעלעגראַמע מיט אַ מעמאָריאַל אונדזער מלוכה־פּרעזידענט, אַז מיר שטימען אַבסאָלוט נישט איין מיט די ציוניסטן און מיט זייער אַרבעט פאַר דעם יודענשטאַט! מיר זיינען אַמעריקאַנער בירגער און אונדז אינטערעסירט אַבסאָלוט נישט דער ניי־געשאַפענער יודען-שטאַאַט מיט אַלע זיינע איבלונגען. (שרייט) מיר קענען דאָך נישט זיין אין איין און דערזעלביקער צייט גוטע און טרייע אַמעריקאַנער בירגער און צו גלייכער צייט בירגער און אַנהענגער פון איין יודענשטאַאַט! ווי אַזוי דען? ניין!!! מיר זיינען אַמעריקאַנער בירגער! און מער נישט! (אַלע אַפּלאָדירן).

2 טער יאַהודי: מיינע געערטע רעליגיאָנס גענאָסן! מיר קענען זיך אָבער פאָרט נישט אָפּזאָגן פון אונטערשטיצן דעם נייעם יונגען יודערשטאַאַט אין זיין הערויישן קאַמף! דער נייער יודענשטאַאַט פאַרשאַפט פיל ווירדע דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין די אויגן פון אַלע פעלקער! אויך אונדז אַמעריקאַנער...

3 טער יאַהודי: אָבער מיר קענען נישט דולדן אַזעלכע אוממאָ-ראַלישע טאַטן ווי דאָס פאַריאָגן הונדערטער טויזנטער אַראַבער פון זייערע היימען וואו זיי וואוינען שוין טויזנטער יאָרן! מיר מוזן דאָך זיין אַביסל הומאַניטאַר! דאָס איז דאָך איינפאַך באַרבאַריזם! מיר קענען ביי קיין פאַל נישט טאָלערירן באַרבאַריזם אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ניין מיינע הערן! איך שלאָג פאָר צו שיקן איינע ענטשפּרעכענדע רעזאָלוציע וועגן דעם אַראַבישן פּראָבלעם צו דער פעלקער־ליגע, און אַז מיר, די יאהודים פון אַמעריקע, אונדזער הויכער קאָמיטעט שטימט אַבסאָלוט נישט מיט די פּאַררעטערישע ציוניסטן, ניין!!!

4 טער יאַהודי: מיינע הערן! דאָס יידישע פאָלק ליידעט שוין

גלות קאַרגע צוויי טויזנט יאָר. און דעם 14טן מאַי 1948 האָט דער רעגירונגס־שעף פון מדינת ישראל דאַוויד בן-גוריון פּראָקלאַמירט, אין נאָמען פון יידישן פאָלק, דעם נייעם יודענשטאַאַט! און מיר קענען זיך ביי קיין פאַל נישט אָפּטיילן פון דעם באַפרייטן יידישן לאַנד און פאָלק. מיר מוזן שטיצן דעם בן-גוריון אין זיין קאַמף פאַר אַ באַפרייט יידיש לאַנד און פאַר אַ באַפרייט יידישעם פאָלק, דער בן-גוריון אי ...

1 ט ע ר : (שרייט) מיר קענען נישט שטיצן איזראַעל. די לייט ווילן דאָרט איינפירן דעם קאָמוניזמוס. די לייט ווילן נישט לאָזן קיין פּריוואַט קאַ־פּיטאַל אינוועסטירן אין פּאַלעסטינאַ. (שרייט העכער) מיר טאָרן נישט שטיצן קיין קאָמוניסטיש איזראַעל, ניין! ביי קיין פאַל און ביי קיינע אומשטענדן. דאָס איז אַ באַנדע קאָמוניסטן. מיר האָבן מיט זיי קיין געשעפטן! מיר קויפן נישט קיין הלוואה-באָנדס! מיר שטיצן נישט דעם יונייטעד דזשואיש אַפּיל, ניין!!!

3 ט ע ר : דער בן-גוריון וועט אונדז טרייע אַמעריקאַנער בירגער אומגליקלעך מאַכן, דער מאַן איז דער גרעסטער פאַררעטער פון די אַמעריקאַנער יידן און פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום! דער מאַן וועט אונדז אומגליקלעך מאַכן! פאַררעטער!

4 ט ע ר : (שרייט) אַ פאַררעטער זיינט איר אַליין! בן-גוריון איז דער גרעסטער פירער פון אונדזער צייט! איר האָט נישט די ווערט צו דערמאָנען זיין נאָמען! איך ביטע צוריקציען אַזאַ באַליידיקונג אויף בן-גוריון!!!

(עס ווערט אַ געאַמפּער, מען שרייט: פאַררעטער! בן-גוריון נידער! זאָל לעבן בן-גוריון! זאָל לעבן אַמעריקע! מען הערט שפּילן דעם אַמעריקאַנער הימן, פאַרהאַנג פאַלט אונטער דעם געשריי: זאָל לעבן אַמעריקע! זאָל לעבן פּרעזידענט אייזענהאַוער!).

## בילד 13

אויפשריפט :

# אַ זיצונג פון מיניסטאָרן־ראַט

(ווי אין בילד ד)

האַנדלס - מיניסטער : אדונים ניכבדים! איך מעלדע אייך אָפיציעל, אַז איך קען ווייטער נישט אַנגיין מיט מיין אַמט אַלס האַנדלס-מיניס־טער פון מדינת ישראל! איך זע נישט קיין אויסוועג צו דער שווערער פינאַנציע־לער סיטואַציע - אין וועלכער מיר געפינען זיך. דעם נעקסטן חודש מוזן מיר

אנהייבן צאָלן די ערשטע ראַטעס פון די 500 מיליאָן דאָלאַר. מיר דאַרפן האָבן דעוויזן פאַר די טראַנספּאָרטן פלייש און צוקער, וואָס מיר האָבן געקויפט אין אַרגענטינע און אין קובאַ. איך זע ווי דער האַנדל אין ישראל שטייט פאַר אַ באַנקראָט, אויב עס וועלן נישט אונטערקומען אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן און אינוועסטירן ריזיקע קאַפּיטאַלן אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען; בלויז דאָס וועט שאַפן אַן אויפלעבונג און וועט לייזן דאָס פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן מדי יום ביומו. אַלס האַנדלס-מיניסטער בעט איך, אָדער איר וועט אַפּשטימען צו געבן קאָנצעסיעס די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן זיי זאָלן אַליין, אָן שותּפות פון דער רעגירונג אָדער פון היס-תדרות אינוועסטירן זייערע קאַפּיטאַלן, אָדער איך בין געצוואונגען צו לייגן מיין אַמט.

ב ן - ג ו ר י ו ן : (נאָך אַ קורצער דריקנדיקער פּויזע) דאָס וואָרט באַקומט ד"ר בירענבאַום.

ד " ר ב י ר ע נ ב א ו ם : איך באַצי זיך צו דעם באַשלוס וועגן אויפ-הענגען אין די שולן די רויטע פאָן. איך דערקלער אייך אין נאָמען פון אונדזער פּאַרטיי, פון ציונים כללים, אַז מיר קענען נישט טאָלערירן אַ פרעמדע פאָן אין אונדזערע שולן. מיר זיינען נישט געקומען אַהער איינפּלאַנצן אין אונדזערע קינדער די ליבע צו דער רויטער פאָן, מעג זי ביי אייך זיין ווי הייליק! מיר דאָ אין ישראל, ווי אין דער גאַנצער וועלט ווילן נישט האָבן מער ווי איין נאַציאָ-נאַלע פאָן, וואָס מוז אַנערקענט ווערן פון אַלע פּאַרטייען. דאָס איז די פאָן לבן ותכלת, די פאַרב פון אונדזערע טליתים. יעדע אַנדערע פאָן באַטראַכטן מיר ווי פרעמד. איר קענט די רויטע פאָן אויפהענגען ווען איר וועט אייך אַליין שאַפן שולן און זיי אויסהאַלטן פון אייער קעשענע, אָבער די מלוכה וועט נישט און טאָר נישט דערלאָזן, אַז אין אירע שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון די געלטער פון אַלע בירגער, נישט בלויז פון די אַרבעטער, זאָל דאָרטן אויפגעהאָנגען ווערן די רויטע פאָן, וואָס איז פרעמד אונדזער גייסט. אַלס דער וויצע-בילדונגס-מי-ניסטער דערקלער איך אייך, אַז איך קען ווייטער נישט אָנהאַלטן מיין אַמט, אויב איר וועט נישט ענדערן אייער באַשלוס אויפצוהענגען אין אונדזערע שולן די רויטע פאָן.

(בן-גוריון טוט אַ שלוק וואַסער, מען פילט, אַז די ווערטער האָבן אויף אים שטאַרק געווירקט).

ב ן - ג ו ר י ו ן : דאָס וואָרט באַקומט דער מיניסטער הרב ד"ר לע-ווינזאָן.

ה ר ב ד " ר ל ע ו ו י נ ז א ן : (ווישט זיך אָפּ זיין פּנים מיט אַ רוי-טער פאַטשיילע) אין נאָמען פון מיין פּאַרטיי „אגודות ישראל" דריק איך אויס מיין גרעסטן פּראָטעסט קעגן דעם באַשלוס צו מאָביליזירן אין „חיל ישראל" מיידלעך. מיר די רעליגיעזע יידן, וועלן נישט איינגיין אויף קיין שום פּשרות (רעדט וואָס אַמאָל העכער, ביז צום שרייען) ווען עס האַנדלט זיך וועגן עיקרים

פון יידישן דת. דאס מאביליזירן פרויען אין דער ארמיי איז קעגן יידישן דת, איר ווילט ברעכן איינעם פון די הויפט עיקרים פון יידישן דת, און דאס איז (הויך) ט ה ר ת ה מ י ש פ ח ה ! ! ! (קלאפט אין טיש) מיר, רעליגיעזע יידן וועלן באקעמפן אזעלכע געזעצן וואס זיינען קעגן אונדזער רעליגיע! אויף דאס צו טון, אויף צו ברעכן עיקרים פון אונדזער רעליגיע איז נישט געווען קיין באשלוס פון כנסת! מיר מוזן פריער פון אלץ האבן די הסכמה פון אונדזערע גדולי הדור! (שרייט) מיר ווילן!... מיר ווילן!... (בן-גוריון פרואווט אים בא-רואיקן, ער שרייט און היצט זיך, קלאפט אין טיש).

(פארהאנג פאלט)

**ב י ל ד 14**

אויפשריפט:

# ביים „חזון־איש" אין בני-ברק

(אין הויז פון „חזון־איש", אין בני־ברק, א גערודער פון יידן, וואס קומען בעטן ברכות, א געשטופ פון מענטשן, א שמש ביי דער טיר, ער לאזט אריין איין יידן, וואס זאגט).

1 ט ע ר יי ד: רבי, איך בין געקומען רבי, איר זאלט מיר געבן א ברכה, איך זאל האבן געראטענע קינדער!

ח ז ו ן - א י ש: מיט בלויז ברכות וועסטו די קינדער נישט מגדל זיין לתורה ולחופה ולמעשים טובים. אז מען וויל האבן קינדער, וואס זאלן גיין אין דרך הישר, לומדי תורה און יראי שמים מוז מען פארקויפן די קישנס פון צוקאפנס און באצאלן שכר-לימוד, אזוי ווי דאס האבן געטון אונדזערע טאטעס און מאמעס. בלויז ברכות קענען דיר ווייניק וואס העלפן! (גיט אים די האנט) פארט געזונטערהייט, לך לשלום!

2 ט ע ר יי ד: (הינטער אים א גרופע יידן) רבי, מיר אן עדה יידן, זיינען מיתפלל צום רבש"ע צו קענען צוקומען צו דער הייליקער כותל מערבי, פון דער כותל מערבי האבן מיר געצויגן אונדזער חיונה. די כותל מערבי איז היינט באלאנגערט פון אונדזערע שונאים. מיר קענען נישט צוקומען צו דער כותל מערבי, רבי! ווען וועלן מיר שוין קענען מיתפלל זיין ביי דער כותל מערבי! ?

ח ז ו ן - א י ש: (שווייגט א ווילע, רייבט זיך דעם שטערן) יידן, יידן! מען דארף מיתפלל זיין און בעטן כביכול, נישט בלויז פאר דער כותל מערבי, נאר

אז בקרוב ובמהרה בימינו זאָלן אַלע פֿיר ווענט אויפֿגע-בויט ווערן, ושם נעבדך ביראה כימי עולם וכשנים קדמוניות!

יידן: איי, איי, אַלע פֿיר ווענט פֿון בית המקדש! טיפֿע ווערטער! טיפֿע ווערטער! טיפֿע ווערטער! (מען הערט דאָס פֿייפֿן פֿון אויטאָמאָבילן. עס קומט אַריין דער שמש).

שמש: רבי, דער סגן המיניסטער, ר״ דוד בן-גוריון איז געקומען אייך אָפּגעבן שלום. (חזון-איש טוט זיך אַ שטעל אויף און גייט אים אַנטקעגן. בן-גוריון קומט אַריין).

בן-גוריון: שלום עליכם, שר-התורה שלנו!

חזון-איש: עליכם שלום, ראש הממשלה שלנו! וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר? (בעט אים זיצן).

בן-גוריון: איך בין געקומען צו אייך ווי צום מנהיג הדור, איר זאָלט זאָגן אייער וואָרט צו די רעליגיעזע יידן, זיי זאָלן אויספֿאָלגן דאָס גע-זעץ וואָס האָט אָנגענומען די כנסת אין מדינת ישראל, אַז די מיידלעך זאָלן מעגן מאָביליזירט ווערן אין „חיל נשים״.

חזון-איש: ווייסט איר דען נישט ראש הממשלה, אַז טהרת המיש-פּחה איז דער יסוד פֿון אונדזער קיום און פֿון נצח ישראל? איך קען אויף דעם נישט מסכים זיין, חלילה מלעשות כזה, חס ושלום!

בן-גוריון: רבי חזון-איש! פּיקוח נפש איז דאָך אַפֿילו דוחה שבת. מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט אַ וועלט פֿון שונאים. מדינת יש-ראל געפֿינט זיך אין שעת חירום. מיר זיינען פֿון אונדזערע שונאים אויפֿגע-צוואונגען געוואָרן צו באַנוצן זיך מיט כוח און נישט בלויז מיט רוח. מיר מוזן פֿאַרגרעסערן אונדזער אַרמיי, די פֿרויען וועלן נישט גיין אין פֿראָנט, נאָר זיי וועלן דינען אין הינטערלאַנד. זיי וועלן אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן, קאָכן אין די קיכן, טאָן די אַרבעטן, וואָס פֿרויען קענען טאָן, עס איז אַן ענין פֿון בלית ברירה, רבי! מדינת ישראל וואַרט אויף אייער וואָרט, איך בין דער שליח-ציבור צו אייך, מנהיג הדור!

חזון-איש: איך זע אין דעם אַ פּורץ-גדר פֿון די עקרים פֿון אונדזער דת. איך בעט אייך, בעט ביי מיר נישט דברים העומדים ברומו של עולם! דאָס זיינען ענינים פֿון תיקוני הדת, דער שורש פֿון אונדזער אמונה! איך קען דאָס אַליין אויף מיר נישט נעמען!

בן-גוריון: רבי, אָבער אחרי רבים להטות!? די כנסת האָט דאָס שוין באַשלאָסן, עס איז אַ נויט-געזעץ פֿון בשעת מילחמה!

חזון-איש: אחרי רבים להטות? נו, און אויב אַ שווערע׳ אַנגעלאָ-

דענער משא-וואגן איז אריינגעפארן אין א שמאלן געסל, וואו עס קען נישט מער אדורכפארן ווי נאר איין וואגן, און פון דער קעגנאיבערדיקער זייט זיינען אריינגעפארן זעקס לידיקע וועגענער, איז ווערזשע דארף פארן צוריק און מאכן פלאץ; דער איינציקער שווערער וואגן אדער די זעקס לידיקע וועגן?, ווי אזוי וועט דער רבים איצטער האנדלען?

בן-גוריון: רבי חזון-איש! אונדזערע וועגענער, די וועגענער פון מדינת-ישראל זיינען חלילה נישט אזוי לידיק. מיר פירן מיט זיך א געוואל-דיקן באגאזש; דער באגאזש פון נייעם מלכות ישראל, דעם באגאזש פון לעבן און קאמף פאר אונדזער קיום און פאר אונדזער כבוד. השם ישמרנו ויצילנו! אז עס זאל חלילה קומען דער מאמענט פון נקמה מצד אונדזערע ארומגעריננגל-טע שונאים. אל תפתח פה לשטן; אז מיר זאלן נישט האבן געגוג חייל צו פארטיידיקן זיך מיט די זעלביקע מיטלען אזוי ווי עס באנוצן זיך אונדזערע אפענע און באהאלטענע שונאים, וואס שטיצן די פיינטלעכע שכנים אונדזערע מיט געלט און מיט כלי-זיין! רבי, דאס מאביליזירן די פרויען אין „חייל יש-ראל" איז דער געבאט פון דער סכנותדיקער צייט!

חזון-איש: (קוקט צו ב. גוריונען מיט א רחמנות-בליק) איך קען אייך גארנישט ענטפערן, שר-הצבא דוד בן-גוריון! לאמיר אלע האבן אמונה, אז דוד וועט תמיד באזיגן גליותן! (גיט אים די האנט) לך לשלום, וד" יצליח דרככם, אמן ואמן! (ב. ג. גייט צום פענצטער).

(עס באווייזט זיך הינטערן פענצטער אן אפטיילונג פון „חיל נשים". זיי זינגען, מארשירנדיק, העברעאישע לידער. חזון-איש ווישט זיך די אויגן און הייבט אויף זיינע הענט צום הימל).

חזון-איש: השם יצליח דרככם, דוד בן-גוריון!

(פארהאנג פאלט פאמעלעך אונטער די קלאנגען פון באראבאן-געפויק און מיליטער מארש).

**סוף פון צווייטן אקט**

# דריטער אַקט

## בילד 15

אויפשריפט:

## דער אמת ביי געשלאָסענע טירן

(אַ געהיימע זיצונג פון די פני העיר אין תל אביב. אין אַ פּריוואַט שטוב. אַ פּאָר אָפיצירן פון דע ראַרמיי, הויכגעשטעלטע דאַמען און הערן, אַדוואָקאַטן, שרייבער, רעפּאָרטאַטן, מען סערווירט טיי. פון אויבן־אָן זיצט בן־גוריון און פירט אָן מיט דער מסיבה).

מליץ: (פון דער זייט, נאָכדעם ווי די פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן). אַ געהיימע זיצונג פון די פני העיר אין תל־אביב. אַלע ריידן זיך אָראָפּ פון האַרצן וועגן דער ביטערער לאַגע אין מדינת ישראל. דאָ געפינען זיך אויך אַ פּאָר „מפּאַיניקעס" וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דער שיסל. אויך זיי זוכן דעם אמת. אָרעמער בן־גוריון! דו זוכסט דעם אמת און אַ פּאָר דיינע אייגענע פּאַרטיי־חברים האָבן אים שוין לאַנג געפונען! (איראָניש) לעבן זאָל מפּא"י! (פאַרנייגט זיך, אָפּ).

ערשטער רעדנער: חשובע פריינד און חברים! מיינע היינטיקע ווערטער זיינען געווענדעט נישט בלויז קעגן דער קאָאַליציע רעגירונג פון מפּא"י און ציונים כּללים, נאָר בּיכלל קעגן דער ביז איצטיקער גאַנצער שיטה פון אָפּנאַרן זיך און אָפּנאַרן אַנדערע מיט די בּלומרשט אָפּגעהאַלטענע דערפאָלגן אין דערווירטשאַפט, און אין די אויסלענדישע און אינלענדישע אינוועסטיציעס; קעגן דעם אַזוי גערופענעם פאַרהייליקטן בלאָף, יאָ: מען נאַרט אונדז אַלעמען אָפּ און מען בלאָפט זיך אַליין! אַלץ וואָס מען האָט ביז איצטער פאַרעפנטלעכט אין ישראל און וועגן ישראל אין דער פאָרם פון דערקלערונגען פון אונדזערע מלוכה לייט, אָדער אין דער פאָרם פון געדיכטע סטאַטיסטישע טאַבעלן איז געווען נישט מער ווי טעאַטראַלע דעקלאַראַציע, וועלכע האָט געהאַט נאָר איין ציל צו פאַרדעקן דעם דערשיטערנדיקן אמת... איך גיי אַרויס פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט און זאָג, אַז די באַפעלקערונג אין ישראל פאַרדינט נישט אויף איר עקזיסטענץ. זי איז אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געשטיצט אויף נדבות,

ד.ה. אז אונטערגעשטיצטע געזעלשאפט. זי איז, אלזא, אזא מענטשלעכער עלעמענט, וואס אין אנדערע געזעלשאפטן געפינט ער זיך אין מושב זקנים, אין יתומים הייזער, אין אנשטאלטן פאר היימלאזע; דארטן הערשן אנדערע סאציאלאגישעגעזעצן ווי אין די פראדוקטיווע מענטשלעכע סביבות. אין יש־ראל דארף מען ריידן און אנרופן מיין טעמע: „די סאציאלאגיע פון דער אונ־טערשטיצטער געזעלשאפט".

צווייטער רעדנער: (אדוואקאט) דאס אויסהאלטן די גאנצע באַ־פעלקערונג אין מדינת ישראל איז געשטיצט אויף פאלגענדע איינקונפטס פאַ־זיציעס: 1) די סובסידיעס פון דער נארדאמעריקאנער רעגירונג פאר די אפּ־געשטאנענע פעלקער; 2) די אומאפהענגיקייטס הלוואה, וועלכע ווערט געגעבן פון די נארד אמעריקאנער יידן ביי דער צושטימונג פון אמעריקאנישן אוצר; 3) די אנטשעדיקונגס צאלונגען, וועלכע זיינען אנערקענט געווארן פון דער מערב דייטשער רעגירונג — אויך מיט דער צושטימונג פון נארד אמעריקע, און 4) דער מגבית, אדער דער „יונייטעד זשואיש אפיל", אלס פארם פון א פילאנטראפישער שטיצע, על פי רוב פון די נארד אמעריקאנער יידן און די יידן איבער דער גארער וועלט, וואס ווערט טאלערירט פון די אלע רעגירונ־גען, אז יידן זאלן שטיצן זייערע ברידער אין דער נייער מדינת ישראל. איצטער פרעגט זיך: וואס וועט זיין אין פאל פון אזא אדער אנדער סיבה וועלן אפּגע־שטעלט ווערן די פיר קוואלן פון וואלוטע צופלוס, די אלע הכנסות פון וועלכער עס לעבט די באפעלקערונג אין ישראל? א פארצווייפלונג באהערשט אונדז!

דריטער רעדנער: איך, אלס סאציאל עקאנאמיסט, וויל בארירן פאלגענדע ציפערן: כדי איינצוקויפן די וויכטיקסטע שפייז ארטיקלען, נאפט, מאשינען־טיילן און אנדערע פראדוקציע־מאטעריאלן אז וועלכע מען קען איצ־טער נישט לעבן, מוזן מיר היינט דא אין לאנד דיספאנירן וויניקסטנס מיט א סכום פון 280 מיליאן דאלאר. פון דער דאזיקער סומע שטעלן אונדז צו, ווי ביז איצט, די פיר אויבנדערמאנטע קוואלן. ווי עס האט פריער בארירט דר. ב. ד. ה. מיר דארפן דערוויל נאך דערלייגן פון אונדזערע הכנסות די סומע פון 60 מיליאן אלאר, פון אייגענע הכנסות פון עקספארט־ און אימפארט־שטייערן. אבער עס ווייזט זיך ארויס, אז אפילו די דאזיקע סומע פון 60 מיליאן יערלעך קענען מיר אליין נישט פארדינען, און דעריבער זיינען מיר געצוואונגען כסדר צו בארגן אויף קורצע טערמינען צענער מיליאנען דאלארן, כדי צו קענען דער־גענצן מיט אויסערלעכע קרעדיטן די פרעמדע געשאנקענע הילף.

אבער, מיינט פריינט און חברים, לאמיר זיך אויף איין מינוט פארטראכטן, וואס קען און וועט דאך געשען, פריער צו שפעטער, און דאס מערקט זיך איצ־טער גאנץ בולט, אז אמעריקע וועט נישט וועלן מער פארזעצן איר מלוכהשע הילף אין דער פארם פון סובסידיעס; וואס וועט זיין, אויב עס וועט זיך ענד־לעך ענדיקן די צווייטע עמיסיע פון דער אומאפהענגיקייטס הלוואה; אויב די פארגרעסערטע עקאנאמישע קאניוקטור אויף די אינטערנאציאנאלע מערק וועט באפולמעכטיקן די רעגירונג פון מערב דייטשלאנד צו פארקלענערן די צאלונגס

ראטעס? און לסוף, אויב די פארערגערטע עקאנאמישע קאניוקטור וועט אומ-מעגלעך מאכן די אמעריקאנער יידן צו באשענקען אונדז יעדעס יאר מיט א ברייטער האנט מיט צענדליקער מיליאנען דאלארן, וואס וועט זיין דאמאלס? וו א ס וו ע ט ד א מ א ל ס ז יי ן ? , ? (דער פארצווייפלטער רוף פון רעדנער האט נגעווארפן א מרה שחורה אויף אלעמען).

פ ע ר ט ע ר ר ע ד נ ע ר : (א רעדאקטאר, עלטערער מענטש, האלט אין האנט א צייטונג) איך האב אויפמערקזאם אויסגעהערט, ווי איר אלע, מאכט די פארצווייפלטע רופן און פראגן, א טייל גערעכטע און א טייל נישט אינגאנצן בארעכטיקטע. אבער דאס וועלן מיר איבערלאזן אויף אן אנדערס מאל. איך וויל דא נאר באמערקן, אז מיר זיינען געשטראפט געווארן מיט א גאנץ אנדערער מכה. די צרה איז, וואס עס עקזיסטירט נישט ביי אונדז, ווי אין אנדערע לענדער און נארמאלע פעלקער, א קלאסן-קאמף. ביי אונדז אין ישראל איז אייגנטלעך נישט פאראן קיין קאמף פון קלאסן, א ריכטיקער סאמף צווישן קאפיטאל און ארבעט. יוויל קלאסן-קאמף באדייטעט, א קאמף פאר דער פארטיילונג פון דער הכנסה. ביי אונדז אבער קומט פאר א קאמף פאר צולאזן צום אנטייל אין מגבית,שילומים און מלווה העצמאות. מען קען דאך נישט אנרופן אלס קלאסן קאמף די באמיאונגען וועגן פילאנטראפישער הילף אדער וועגן די רעכט צו געניסן פון איר. דערפאר עקזיסטירט ניט ביי אונדז קיין אמתע פאליטישע אפאזיציע. עס עקזיסטירט נאר א קריגעריי צווישן די שותפים אין א פארטיילונג פון דער נדבה וואס דאס יידנטום פון דער וועלט גיט אונדז, דער רייבער אמעריקאנער פעטער. אויך אין דער כנסת ווערן ניט, ווי אין אנדערע פארלאמענטן, דיסקוטירט די בודזשעט פאזיציעס פון שטאנדפונקט פון זייער פאליטישער באדייטונג. מען דיסקוטירט די פאזיציעס פון שטאנדפונקט, צי זיי העלפן די קיבוצים פון מפא"י, אדער מפ"ם, צי זיי דערמעגלעכן רווחים פאר די אונטערנעמונגען פון הסתדרות אדער פאר די פריוואטע קארטעלן אונטערנעמונגען. דערפאר קומען ביי אונדז קיינמאל נישט פאר קיין שטרייקן אין שוץ פון די ארבעטער רעכט, דערפאר קומען אבער פאר שטרייקן אין שוץ פון די רעכט פון די מאנאפאלן. די אייגנטימער פון די טראנספארט מאנאפאלן אדער דראען מיט שטרייקן, כדי צו דערגרייכן העכערע אפצאלונגען פאר די נסיעות און פאר בילעטן. די באלעבאטים פונעם אימפארט קאנטינגענט אויף רוישטאפן דראען מיט א לאק-אוט, ד. ה. מיט פארשליסן די פאבריקן, ווי דאס איז געווען מיט דער שיך פאבריק אין ירושלים. אין א געזעלשאפט, וועלכע קעמפט נישט פאר דער פארטיילונג פון זיין אייגענער פראדוקציע, אין וועלכער כ'איז צוליב דעם נישט פאראן קיין אמתע פאליטישע אפאזיציע און עס זיינען נאר פאראן אפענע און געהיימע פשרות, — אין אזא געזעלשאפט איז אויך נישט פאראן קיין ציווילע דריסטקייט. אין א געזעלשאפט אין וועלכער עס עקזיסטירט נישט קיין ציוויל-מוט גייט אויך פארלוירן דער באגריף פון דעמאקראטיע. עס פארשווינדט דער אידעאליזם, עס פארשווינדט דער מוט און דער ווילן צו רעוויזיע.

דער בעסטער באַווייז דערפון איז דאָס, וואָס אַמאָל האָט זיך ביי אונדז די קאָלאָניזאַציע אָנגעטראָפן אויף מאַטעריעלע שוועריקייטן — אויף מאַנגל אין באָדן און אין קאָלאָניזאַציע מיטלען, היינט דאַקעגן שטויסט זיך די קאָלאָני־זאַציע אָן אויף מאַנגל אין מענטשן, וועלכע וואָלטן געקענט נעמען אויף זיך די לאַסט פון לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע און חלוציות.

יוריסט דר. אב...: איך וויל צוגעבן צו די פּאַריקע זייער זאַכ־לעכע רעדעס אַט וואָס: ארויסגייענדיק פון די אויבנאַרויסגעזאָגטע שטאַנד־פּונקטן שאַפן מיר נישט אין דער מדינה קיין געהעריקע באַדינגונגען, וואָס וואָלטן געקענט צוציען יידן פון די גלות-לענדער. מיר אַליין רעפלעקטירן פאַר זיך אויף אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע זיינען אומדערטרעגלעך פאַר מענטשן וואָס זיינען געוואוינט צו פּראָדוקטיווע אונטערנעמונגען. דערפאַר באַקעמפן מיר ביי אונדז די באַדינגונגען פון רענטאַביליטעט, ווייל מיר ווילן, די הכנסה זאָל זיין אין אויסלאַנד און מיר דאַ זאָלן באַקומען די שיריים פון פריצישן טיש אין דער פאָרם פון קאַמפּיינען. און דאָס הייסט, אַז מיר זיינען אָנגעוויזן אויף שטענדיקן אָדער פּערמאַנענטער שנאָררעריי און חסד פון די יידן אין דער גאָ־רער וועלט!

מפּא״י רעדנער: איך קען שוין מער נישט אויסהערן די אַלע לאַקריץ זיסע רייד אויפן חשבון פון מגבית. זאָגט מיר, רבותי, פאַרוואָס זאָלט איר נישט אָננעמען דעם ריכטיקן אמת, אַז די יידן אין די גלות לענדער מוזן אונדז צאָלן דערפאַר דעם מגבית, כדי זיי זאָלן קענען — נישט קומענדיק קיין ישראל — זיך פילן גוט אין אויסלאַנד אין זייערע לענדער וואו זיי וואוינען אַלס אָנגעהעריקע צום ייד. פאָלק, וואָס האָט דערוויזן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז עס פאַרמאָגט די מאָראַלישע און פיזישע קוואַליפיקאַציעס נישט ווייניקער פון אַנדערע פעלקער — אָבער צי האָט דאָס יידישע פאָלק ווירקלעך דאָס דער־וויזן? ניין!!!

מליץ: (פון דער זייט) ווער עס רעדט פון חוב פון וועלט יידנטום, דער וואָס האָט זיך געקויפט אַ וויללע אין ירושלים, פרעגט אים פון וועלכן געלט, אויב נישט פון די מגבית-געלטער. אוי, לעבן זאָל די מגבית-פּושקע!!! (אַפּ).

בן-גוריון: חברים און פריינט! צווישן די רעדעס וואָס זיינען דאָ ארויסגעזאָגט געוואָרן קען מען געפינען אייניקע אמתן פון וועלכע מיר וועלן לערנען, און אסך לערנען. די דאָזיקע ארויסגעזאָגטע אמתן וויים איך אפשר פריער פאַר אייך, חברים און פריינט, אָבער עס זיינען פאַראַן מאָמענטן וואָס מען מוז באַרקוקן פון פרינציפּן, כדי מיפּני דרכי שלום קענען זיצן ביי איין טיש און טוען מלוכהשע ארבעטן! דער שיפס קאַפּיטאַן וועט אַליין נישט קע־נען פירן זיין שיף צום גליקלעכן ברעג, מעג ער זיין ווי געלערנט און געוואָגט, אויב די מאַטראָזן און געהילפן וועלן נישט שטיין צום דינסט, נאָר וועלן אים מאַכן סאַבאָטאַזש.

אַלע: סאַבאָטאַזש?

בן-גוריון: יא, סאַבאַטאַזש! איך האָב שוין אויף דעם צענדליקער באַווייזן (עולם קוקט זיך איבער רוקן זיך איינציקווייז אַרויס, בן-גוריון בלייבט אַליין און רעדט) איך קען נאָר שטיין אין דער שפּיץ פון דער מלוכה ווען איך וועל זען פון יעדן איינעם די געטרייע מיטאַרבעט! איך פאָדער פון יעדן איינעם, אחריות, איבערגעגעבנקייט! פאַלשקייטן, צביעות און קאָרופּציע וועל איך נישט דערלאָזן אין די רייען פון די וואָס דאַרפן אָנפירן מיטן מלוכה-רודער, מעגן זיי געהערן צו וועלכער עס איז פּאַרטיי! איך ווייס אַז עס פּילטרירן זיך אין די רייען פון העכערע באַאַמטע אין דער רעגירונג אַזעלכע פּאַרשוינען, וואָס נוצן אויס די פּאַרטיי-קאַרטע, וואָס דינט זיי פאַר זייערע פּאַרברעכערישע צילן פון אָפּנאַרן די רעגירונג און אָפּנאַרן זיך! ניין, חברים! היה לא תהיה! איך ווייס אַז איניקע אמתן זיינען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן, פון די ווערטער קען מען אסך לערנען, איך וועל אסך לערנען פון דער דאָזיקער היינטיקער מסיבה, אָבער איך וויל אויך מקיים זיין דעם פּסוק: ובערת הרע מקרביך! איך וועל אויסשניידן דאָס ווילדפלייש, וואָס איז אָנגעוואַקסן אין משך פון דער קורצער צייט אויף דעם מלוכה-אָרגאַניזם. אין דער נייער יונגער מדינת ישראל מוז, פריער פאַר אַלץ הערשן יושר און אמת! מיר האָבן נישט געשאַפן די מדינה פאַר יחידים אויסנוצער, נאָר פאַרן גאַנצן פאָלק, און די וואָס שטייען ביי דעם מלוכה-רודער ווערן באַטראַכט ווי די כהנים, וואָס טוען, אָדער וואָס דאַרפן טוען זייערע עבודת הקודש! טוען זיי דאָס נישט, וועלן מיר זיי מיט אַלע אונדזערע מעגלעכע מיטלען פאַרטרייבן! ווען מיר דאָס נישט טאָן, דאַן האָבן מיר נישט קיין זכות הקיום און איך האָב קיין רעכט נישט זיך אָנצורופן שר הממשלה פון מלכות ישראל!

צו מיינע אייגענע חברים פון דער פּאַרטיי „מפא״י“ זאָג איך, חברים! די מלוכה שטייט מיט טויזנטער קעפּ העכער פון אַ פּאַרטיי! מעג אפילו די דאָזיקע פּאַרטיי האָבן אירע גרעסטע פאַרדינסטן פאַר דער שאַפונג פון דער מלוכה, שטייט אַלץ דאָס פאָלק און דאָס לאַנד העכער! אויף דער היינטיקער געהיימער מסיבה וויל איך דאָס אונטערשטרייכן, און איך בעט אייך, חברים און פריינט, זאָל די היינטיקע זיצונג, וואָס רופט זיך: דער אמת ביי געשלאָסענע טירן, ווערן אַז אָפענער אמת! (פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 16

אויפשריפט:

# אין כנסת — בן־גוריון רעדט

(תיכף נאכן פאלן פון דער פארהאנג אין בילד 12, ווערט אויף איין מאמענט פינצטער אויף דער בינע און אין זאל, ווען די פארהאנג הייבט זיך אויף שטייט בן־גוריון אין דער זעלביקער פאזע ווי צום סוף פון בילד 12, ער רעדט מיט פאטאס און פארביטערונג אויף דער טריבונע פון כנסת. פון זיין רעכטער זייט שטייט דאס בילד — אין נאטירלעכער גרויס — פון דר. הערצל, און פון זיין לינקער זייט שטייט דאס בילד פון דר. ווייצמאן, אזוי אז עס קומט אויס, אז ב. ג. שטייט אין דער מיט פון די צוויי גרויסע מנהיגים. אין זאל פון כנסת זעען זיך ליידיקע בענקלעך, פון צייט צו צייט, ווען ב. גוריון זאגט א נביאי־שע פארביטערטע פראזע, זעט זיך ווי א רעפלעקטאר זוכט אין זאל א מענטש, אבער מען זעט אלץ ליידיקע בענקלער...)

בן־גוריון: ווען דער ערשטער נשיא בישראל חיים ווייצמאן ז"ל האט אמאל, אין זיין צער אויסגעשריגן: יידיש פאלק וואו ביסטו? ! האט דאס יידישע פאלק, וואס איז דאן נאך געווען, מיט זעקס מיליאן מער אין צאל נישט געענטפערט ווי עס האט באדארפט ענטפערן. עס האט געמוזט קומען דער גרויסער קאטאקליזם אין דער יידישער געשיכטע און ערשט נאך דעם חורבן שלישי, וואס איז דער גרעסטער פון אלע דורות, איז געקומען דער גרעסטער זכות, און מיר האבן אנגעהויבן צו זעען די אתחלתא דגאולה. יא, אתחלתא און נישט מערער. און דא, צוזאמען מיט דעם אנהייב פון מדינת ישראל, ווען עס איז נייטיק געווען די אייניקייט פון גאנצן יידישן פאלק, און מיר האבן געהערט דאס געבאט פון דער צייט: לך כנוס את כל היהודים! ווייל אן דעם כ ל ה י ה ו ד י ם וועלן מיר דעם מלכות ישראל נישט קענען ווייטער ממשיך זיין, האבן זיך אנגעהויבן ביי אונדז פארטייאישע מחלוקת און נישט בלויז פארטייען, נייערט אויך כיתות און גרופן, וואס יעדע איינע וויל אויסאיבן זיין איינפלוס אויפן צווייטן. חברים! איין זאך איז ווען איר שטייט אין דער אפאזיציע צו ממשלת ישראל, דאן איז אייך זייער לייכט צו קריטיקירן און שרייען, און אן אנדערער מאמענט איז ווען איר שטייט ביים רודער פון דער שיף, וועלכע גייט נאך נישט זיכער און עס זיינען נייטיק גוטע מאטראזן און אויסגעשולטע און פראקטישע קאפיטאנען! מיר האבן געדארפט האבן חלוצים אין אלע געביטן פון אונדזער שטאטלעכן לעבן; חלוצים אויף די פעלדער, חלוצים אין דער ארמיי, חלוצים אין די שטעט ביי דער אינדוסטריע, חלוצים אין די רעגירונגס ביוראען, חלוצים אין די פינאנץ־ראטן און אין פינאנץ־מיניסטעריום, חלוצים אין די אויסלענדישע אמבאסאדעס, וואס זאלן אין גע־וויסע לענדער קומען מיט דער טענה פון אונדזער אלטן גואל: שלח את עמי! מיט אייןווארט: אן חלוציות און חלוצים קענען מיר נישט עקזיסטירן! און אזוי שרייען מיר שוין יארן לאנגע, באלד פון אנהייב פון מדינת ישראל: יידן פון

דער גאַרער וועלט! קומט אהער צו אונדז, ,העלפט אונדז מיט בכל לבבכם ובכל נפשכם ובכל מאודיכם אויפצובויען דאָס לאַנד מיט דער מדינה, אַז מיר זאָלן חלילה וחלילה נישט באַדויערן און מאַכן אַ טעות אין אונדזער נייער געשיכטע! אָבער עס איז אַ קול קורא במדבר.

ישׂראל האָט דערגרייכט איר זעלבסשטענדיקייט און שטאַטלעכע אומאָפּ־הענגיקייט ביי זיך אין לאַנד. זי האָט אויסגעהאַלטן דעם אָנגריף פון אַלע אירע שכנים און האָט זיי בייגעקומען. זי האָט אויפגענומען הונדערטער טויזנטער יידן פון נידערגעשלאָגענע גלותן. זי האָט אַנטפּלעקט אַ וואונדערבאַרן דינאַמישן פּאַרנעם אין ווירטשאַפטלעכער, קולטורעלער און מיליטערישער שאַפונג. און נישט נאָר די ציוניסטישע מאַסן אין די תפוצות האָבן זיך נישט גערירט און נישט באַוועגט, נאָר אפילו קיין איין ציוניסטישער מנהיג האָט נישט פאַרלאָזן זיין מנוחה און זיין נחלה, נישט אין אַמעריקע, נישט אין ענגלאַנד און נישט אין אַן אַנדערער רייכער, פריער מדינה, און האָט זיך נישט באַטייליקט אין אויפבויען ישׂראל, און האָט זיך נישט אַנגעשלאָסן פאַרזענלעך אין דער טיטאַנישער אַנשטרענגונג, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער יונגער שוואַכער מדינה. (הויך און פעסט אונטערגעשטראָכן) אַ פּ י ל ו ק יי ן א יי ן מ נ ה י ג ! (קורצע דריקנדיקע פּויזע, רעפלעקטאָר באַלייכט, זוכנדיק, די ליידיקע בענקלעך).

איך רוף נאָך אַ מאָל: קומט קיין מדינת ישׂראל!!! מיין רוף איז נישט פון פאַרצווייפלונג און יאוש, ניין און טויזנט מאָל ניין, איך רוף אָבער ווי איינער, וואָס זעט די געפאַר פון גלייכגילטיקייט פון יידישן פאָלק. און גלייכגילטיקייט איז דער ערגסטער שונא פון יחיד און נאָך מער פון אַ פאָלק צו אַ מלוכה און לאַנד.

פאַראַן ציוניסטן, און גוטע ציוניסטן, וואָס ווילן אָפּפּטרן און אויסקויפן זייער געוויסן מיטן קויפן די הלוואה־באָנעס צי מיטן ביישטייערן זיך פאַרן „יוניייטעד דזשואיש אַפּיל", אָבער אַליין, זאָגן זיי, וועלן זיי זיך זיצן באַם סיר הבשׂר און מיר דאָ זאָלן דערווייל זאָרגן צו לייזן די צענדליקער שאַרפע פּראָבלעמען העומדים ברומו של עולם. מיר זאָלן לייזן די פינאַנצן, מיר זאָלן אַנטוויקלען די קאָלאָניזאַציע און בויען נייע ישובים, און גיין אויפן מדבּרדיקן נגב און אַנטדעקן די אומגעהייערע אוצרות דאָרט; מיר זאָלן זאָרגן פאַר דער אַרמיי זי זאָל זיין תמיד קאַמפּס־פעאיק און נישט מורא האָבן פאַר דער אַראַבישער נקמה, וואָס גרייט זיך איבער אונדזערע קעפּ; מיר זאָלן אַדורכקומען מיט די ציוניסטישע און רעליגיעזע פּאַרטייען אין די פאַרשיידענע אַזוי קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, פּראָבלעמען פון עיקרדיקע יסודות פון יידישן דת און חושן מישפּט, וואָס מיר מוזן און דאַרפן און וועלן תמיד רעספּעקטירן, ווייל אויף דעם זיינען מיר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער יידישער געשיכטע פון אַלע צייטן; נו און נאָך און נאָך אַזעלכע צענדליקער דאגות און דאגות, און אַזוי שטייען מיר אין קאַמף מיט אייגענע חברים, מיט חברים, וואָס האָבן געדאַרפט מיר העלפן לייזן אויף אַ פּשרהדיקן אופן די אַלע פראַגן, אַז אַלע צדדים זאָלן קענען האַלב וועגן זיין צופרידן, ביז גאָט וועט געבן מיר וועלן

איבערקומען און איבערשווימען די סכנהדיקע כוואַליעס איבער אונדזערע קעפּ און מיר וועלן קענען מיט פרייד אויסשרייען! שלום על ישראל!!! אָבער מיין געשריי איז נישט געהערט געוואָרן! מיר דאַרפן ווייזן דער וועלט וואָס איז יידישע גרויסקייט! אין יעדן איינעם פון אונדז טליעט, אָדער דאַרף טליען, דאָס פייער און גלויבן פון אונזערע אַלטע נביאים! די גאַנצע יידישע אמונה, איר גאַנצער תוך באַשטייט דאָך אין „אחד", דער געבאָט פון אחד ליגט אונדז אין בלוט און וועט איבערגיין בירושה עד סוף כל הדודות, אחד! איין פאָלק! איין גאָט! איין תורה! קען זיין, אַז די אומות העולם, האַלטן, אַז מיר זיינען אַ קליין פאָלק, אפשר דאָס קלענסטע, לויט זייערע באַגריפן, מיר אָבער פאַרשטייען, אַז מיר זיינען מסוגל, אויב מיר וועלן נאָר וועלן, צו ווערן אַ מוסטער־פאָלק, אַזוי ווי דאָס האָבן פאַרגעזען אונדזערע נביאים פון טויזנטער יאָרן צוריק, ווייל זייער גייסט האָט נישט אויפגעהערט און וועט נישט אויפהערן צו לעבן און געדייען צווישן אונדז!

איך דאַרף אייך נישט דערציילן, ווייל איר האָט געהאַט די זכיה, צוזאַמען מיט מיר צו גיין אויף דעם שווערן באַרג אַרויף נאָך דעם פּראָקלאַמירן מדינת ישראל! מיר האָבן אין משך פון די פינף יאָר אָפּגעטון אַ געוואַלטיקע אַרבעט. מיר האָבן אַדורכגעמאַכט גרויסע קאַמפן, אָפּגעהאַלטן ניצחונות, אָבער גלייכצייטיק מיט דעם כלי־זיין אין איין האַנט האָבן מיר מיט דער צווייטער האַנט געבויט. און בנין הארץ איז פאַרבונדן מיט בנין האומה. מיר זיינען אין סטאַדיום פון ווערן אַ גרויס פאָלק, אָבער צו אונדזער גרויסקייט פעלט אונדז נאָך אַ סך אַ סך, עס זיינען אפשר אונדז נאָך באַשערט גרויסע סכנות אַדורכצומאַכן, די סכנות פון מלחמות מיט די שונאים אונדזערע, און דערפאַר ליגן מיר נישט אַוועק דאָס געווער. מיר זיינען תמיד גרייט, וד" יצליח דרכנו! מיר ווילן נישט די מלחמה! לא תרצח! איז טיף איינגעבאַקן אין אונדזערע בלוטן! אָבער בלית ברירה, מוזן מיר און זיינען גרייט צו קעמפן! מיר האָבן אויסצופילן אַ הייליק שליחות פון אַלע דורות פאַר אונדז און פון אונדזער דור. מיר האָבן מקיים צו זיין נביאישע פאַרפליכטונגען, וואָס קענען מער נישט אָפּגעלייגט ווערן. קיבוץ גליות איז נישט סתם אַ וואָרט, נאָר אַ פייערדיק געבאָט פון אונדזער נייער צייט, אָן דעם האָבן מיר נישט קיין זכות הקיום. און מעג אונדז דער קיבוץ גליות קאָסטן אַ סך, אפשר מער ווי אונדזער יכולת קען געבן, אָבער מיר מוזן דאָס מקיים זיין. דאָס איז אונדזער אייגן לעבן. היינט און מאָרגן איז דאָס אונדזער זיכערקייט און אונדזער כבוד פאַר דער וועלט! מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו ווערן ווידער אַ גרויס פאָלק, כאָטש דערווייל נאָך אין אַ קליין לאַנד, דאָס איז אונדזער רעוואָלוציע, אפילו ווען זי איז נישט לויט אַלע כללים פון רעוואָלוציאָנערן שולחן־ערוך. מיר האָבן שוין פון לאַנג רעדוצירט אונדזער אַמאָליקן דרך־ארץ פאַר פרעמדע מוסטערן, אויך אונדזער וועלט־טראַגיק איז אַ מוסטער איינגאַנצן אַן גלייכן. מיר מוזן עפענען אונדזער אייגענעם נוסח, אונדזער יידישן נוסח אין אַלע אונדזערע היתנהגותן! מיר שטייען אין ברען פון אונדזער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע, און זי פרעגט נישט ביי אונדז: יאָ צי ניין!? עס זיינען אַוועק די ראָמאַנטישע צייטן ווען מיר האָבן זיך געשטיצט

אויף אונדזער בכבודיקער מאכטלאזיקייט. מיר זיינען געווען קרבנות פון דער געשיכטע, ווייל מיר זיינען געווען פטור פון מעשים. היינט ווייס שוין די וועלט, אז עס איז אויפגעקומען א יידישער כוח, דער כוח פון מדינת ישראל. דאס אלץ פארפליכטעט. היינט מוזן מיר אפילו וואקסן ווען עס טוען אונדז ווי די ביינער פון גיכן וואוקס, מיר וואקסן מיט געוואלט, ווייל דער מלאך פון אונדזער געשיכטע שלאגט אונדז איבערן קאפ און הייסט אונדז ווערן גרויס און מיר מוזן אים פאלגן!

מיין רוף צו די יידן בכל תפוצות ישראל איז: בית יעקב לכו ונלכה! קומט אהער אונדז העלפן אויפבויען די מדינה און מלכות ישראל! קומט אהער איר חלוצים באפרוכפערן און באארבעטן די ערד, וואס איז שוין צוויי טויזנט יאר פארוויסט און פארנאכלעסיקט! קומט אהער יידישע מוחות, יידישע גע־לערנטע און וויסנשאפטס־מענער, העלפט אונדז געפינען די אוצרות וואס ליגן טיף באהאלטן אין דער מוטער ערד פון ישראל! קומט אהער איר יידן און ליינט אריין אייערע אויסגעהארעוועטע קאפיטאלן און מאכט שותפות מיט ארבעט; קאפיטאל און ארבעט קען אין ישראל לעבן בשלום! מען דארף נאר וועלן און קענען דעם צייכן פון דער גרויסער צייט אין וועלכן מיר האבן די זכייה צו לעבן! געדענקט, יידן פון דער גארער וועלט, אז די אבסאלוטע אומאפהענגיקייט וועט דערגרייכט ווערן בלויז און נאר דעמאלט, ווען ישראל וועט נישט דארפן פון דרויסן קיין עקאנאמישע הילף! אחוץ די הילף וואס איר יידן וועט געבן צו אייערע ברי־דער וואס בויען די מדינה, יהי חלקי עמהם! זאגט נישט נעשה ונשמע, ווייל איר האט שוין נישט בלויז געהערט, נאר אויך געזען מיט אייערע אייגענע אויגן, אזוי ווי עס זאגט זיך: ויראו העם את ד" ויאמינו בד" ובמשה עבדו! איר יידן האט שוין געהאט די זכייה צו זען און זיך צו איבערצייגן, אבער נאר מיט אייער אייגענער מיטהילף קען מען גרויסע מעשים באווייזן! העלפט אונדז מיט בויען דאס לאנד!

עס וועט נאך דויערן לאנגע שווערע יארן ביז ישראל וועט זיך קענען שטעלן אויף אייגענע פיס און אן די הילף פון די גלות־יידן וועט ישראל דער־ווייל נישט קענען עקזיסטירן! אבער וואו איז דאס וועלט־יידנטום? מיר האבן פראקלאמירט די לאזונג פון קיבוץ גליות נישט ווייל מיר האבן געוואלט, נייערט ווייל מיר האבן געמוזט, מיר האבן געמוזט עפענען די טויערן פון ישראל און זאגן: וקבץ נירחנו מארבע כנפות הארץ! ווייל ביי אונדז איז דער כל ישראל חברים איינגעבאקן אין בלוט! מיר האבן נישט געקענט און נישט געטארט לאזן די יידן פון תימן, פון איראק, פון מיצרים און פון די אנדערע אראבישע לענדער אויף הפקר, אזיסט וואלטן מיר קיין רעכט נישט געהאט אויף דעם לאנד פון אונדזערע אבות. איך האב געגלויבט, אז דאס יידנטום פון חוץ לארץ וועט אונדז מיטהעלפן בכל ליבם ובכל נפשם ובכל מאודם איינארדענען די דאזיקע עולים, אז זיי זאלן נישט דארפן פארשווארצן זייער לעבן אין די מעברות, וואס מיר האבן זיי געגעבן

אויך איבער אונדזערע מאטעריעלע יכולתן! מיר האבן געמיינט, אז די רייכע יידן וועלן דא שאפן די פאבריקאציע מעגלעכקייטן און געבן די עולים ארבעט, צוזאמען מיט דער היסתדרות און אנדערע אינסטיטוציעס. וואס מיר האבן מיט אזוי פיל בלוט און שווייס געשאפן די לעצטע דרייסיק יאר! אבער ביידע זאכן זיינען נישט געקומען און איך בין געבליבן אנטוישט!

איך האב נישט איינמאל ביי זיך געטראכט, רבש"ע! האבן באמת די יידן אזוי ווייניק פארשטענדעניש פאר דעם גרויסן יום הגאולה, וואס מיר האבן דערלעבט אין אונדזער צייט? אלע יידן האבן דאך געדארפט קומען העלפן אונדז צום בנין הארץ, פונקט ווי דער טאג פון פסח איז דער טאג פון גאולה פאר אלע יידן, ווייל כולנו נחשבנו כאלו היינו במיצרים, אלע זיינען מיר ארויס־געגאנגען פון מיצרים. און איך בין ווידעראמאל געבליבן אנטוישט, יא! אנ־טוישט, אבער נישט פארצווייפלט, ווייל צווייפל און ייאוש איז א מידה מגונה. איך זינג היינט און אלע מיינע יארן: „עוד לא אבדה תקותינו"! מיטן זעלביקן ברען און מיטן זעלביקן פייער ווי איך האב דאס געזונגען מיט פערציק יאר צוריק, ווען מיר, א גרופע ארבעטער און פאסטוכער, האבן געפייערט צום ערשטן מאל דעם ארבעטער־יום־טוב פון 1טן מאי! אבער היינט, ווען איך בין פון גורל באשטימט געווארן אנצופירן מיט דעם רודער פון דער ערשטער יידישער מלוכה, נאך צוויי טויזנט יאר, האב איך זיכער גערעכנט, אז דאס גערודפטע פאלק, וואס האט אזויפיל געליטן און א דריטל פון אים איז אוועק אין פייער און בלוט, אין רויך און אין אש, אז מיר אלע וועלן אין געציילטע יארן קענען ווייזן דער וועלט, דער גאנצער פ ר יי ע ר וועלט, אז מיר זיינען ווערט צו האבן אן אייגן לאנד און אן אייגענע מלוכה! קיבוץ־גליות, אונדזער לאזונג איז געבליבן פארגליווערט! נישט איז אונדזער שולד, נאר אין דער שולד פון אייך, און אין א טייל פון די יידן פון דער גארער וועלט!

איך האב געהאט פראקלאמירט „סאציאליזם בימינו", דאס איז געווען א געדאנק, וואס איך האב געהאט אויסגעהלומט צוזאמען מיט אייך. אפשר, האב איך געטראכט, וועלן מיר דאך קענען באלד איינשטעלן אונדזער מלוכה און אונדזער מדינה, מיט אונדזער עקאנאמיק אויפן וועג פון אויסמיידן דעם קלאסן־קאמף, אזוי ווי מיר האבן געוויזן דער וועלט אונדזער ארבעט אין די סאציאליסטישע קבוצות. אבער איך האב זיך איבערציינגט, אז דאס איז א זאך וואס מוז דערווייל בלייבן אן אידייע און מיר מוזן זיך דערווייל באגנוגענען מיט איינפירן יושרדיקע סאציאלע געזעצן, און אז מיר מוזן דערווייל צולאזן פרעמדן אויסלענדישן קאפיטאל, וואס זאל נישט האבן אונדזער שטערונג; אדרבא, האב איך אייך געווארנט, זאלן זיי קומען די רייכע יידן פון נארד אמעריקע, פון ארגענטינע, פון זיד אפריקע און פון דער גארער וועלט און זאלן זיי באשעפטיקן אונדזערע ארבעטער! וועלן מיר איינפירן דעם סאציאליזם מיט צוואנציק אדער דרייסיק יאר שפעטער, האט איר נישט געוואלט! און איך האב אייך קלאר געזאגט און געווארנט: צוויי גאולות מיט אמאל קען איך נישט ברענגען!!! ציוניזם און סאציאליזם איז דערווייל אוממעגלעך!!!

עס האט גענומען צוויי דורות, פון הערצלען ביז מדינת ישראל, ווען נעמען

נאָך איין דור ביז צו דער מענטשלעכער גאולה פון סאָציאַליזם! לא עלינו המלאכה לגמור! נישט מיר זיינען מחויב און נישט מיר קענען ברענגען ביידע גאולות מיט איין מאָל!

איצטער, זעט איר אין וואָסאַרא מצודה מיר געפינען זיך. כ׳קען ווייטער מיט אייך נישט גיין. איך בין מיד פון קעמפן מיט אייך, איך בין נישט מיד פון אַרבעט, אַרבעט מאַכט מיר מיין לעבן זיס, אָבער איך בין מיד פון אייער קינאה און שינאת חינם איינער אויפן צווייטן. איך קען אויך נישט צוקוקן גלייכגילטיק ווי אַזוי עס פירן זיך אויף ביי אונדז יענע פקידים, וואָס ווערן רייך אויפן חשבון פון אַנדערע, וועלכע מוזן אָפּפינצטערן זייער לעבן אין די מעברות און שוידערלעכע רציפים; אַט יענע פאַרשוינען וועמענס פּלאַץ איז גיכער צו זיצן אַנדערשוואו און נישט אין די מלוכה-ביוראָען. איך קען נישט טאָלערירן די דאָזיקע פקידים, וואָס נעמען געלט פון דער אָרעמער מלוכה-קאַסע נאָר בלויז דערפאַר ווייל זיי באַנוצן זיך מיט זכות אבות און מיט זייערע פּאַרטיי-בילעטן! בקהלם אל תחד כבודי! ובערת הרע מקרבך! דאָס איז מיין דעוויז און דאָס וועל איך מקיים זיין, וועל איך דאָס נישט קענען טון וויל איך נישט ענטפערן אמן אויף פאַלשע ברכות!

צו מיינע איינענע פּאַרטיי חברים וויל איך פון דער דאָזיקער הויכער טריבונע פון כנסת דערקלערן אַט וואָס: איך בין נישט דער פּרעמיער בלויז פון אַ פּאַרטיי, נאָר איך בין דער ראש הממשלה פון מדינת ישראל. מיר דאַרפן האָבן די מאַטעריעלע און מאָראַלישע שטיצע פון גאַנצן פאָלק און נישט פון אַ פּאַרטיי, מעג זי זיין ווי שטאַרק אַן מעג זי האָבן אפילו די גרעסטע פאַר-דינסטן פאַר מדינת ישראל! אָן דער הילף פון גאַנצן יידישן פאָלק האָבן מיר נישט קיין זכות הקיום! הילף — מאַטעריעלע און מאָראַלישע!

צוליב די אַלע אַרויסגעזאָגטע טעמים, און דער עיקר, וואָס די יידן פון דער גאָרער וועלט פאַרשטייען נישט און פאַסן נישט אויף דעם גרויסן יום הגאולה, קען איך לײַדער, לײַדער! נישט ווייטער אָנהאַלטן מיין אַמט פון זיין דער פרעמיער-מיניסטער פון מלכות ישראל. איך ווינטשט מיין ממלא מקום, אַז ער זאָל דערפירן די מלוכה צו איר גרעסטער הייך, אמן! תחי מדינת ישראל!!!

(רעפלעקטאָר באַלייכט די לײַדיקע שטולן, הינטער די קוליסן הערן זיך טענער פון „התקוה”, פאַרהאַנג פאַלט פּאַמעלעך).

## בילד 17

אויפשריפט:

# אַ זיצונג פון וועד הפּועל הציוני

(פּאַרטיי סעקרעטאַר לייענט דעם רעזיגנאַציע־בריוו פון בן־גוריון)

סעקרעטאַר: (ענדיקט) „דעריבער, חברים פון וועד הפּועל רעזיגניר איך פון מיין אַמט פון ראש הממשלה, איך וויל זיך אומקערן און גיין אין נגב, אין דער נייער קאָלאָניע שדה־בוקר. איך וויל ווערן צוריק אַ פּאַסטוך און עובד אדמה, איך וויל האָפן, אַז איך וועל מיט מיין טאַט דינען אַלס ביישפּיל פאַר דער יוגנט, וואָס וועט מיר נאָכטון און קומען אין נגב, וואָס איז די האָפענונג פון מדינת ישראל!"

אַלזאָ, חברים, איך בעט אייך זיך אַרויסזאָגן וועגן דעם ענין.

1טער רעדנער: עס איז נישטאָ וואָס זיך אַרויסצוזאָגן, מיר טאָרן די רעזיגנאַציע פון חבר בן־גוריון נישט אָננעמען, ווייל קיין צווייטן אויף זיין פּלאַץ וועלן מיר אַזוי לייכט נישט באַקומען, בלי שום ספק! קיין בעסערן — זיכער נישט!

2טער רעדנער: חברים! איך האַלט, אַז דער ענין איז נישט אַזוי לייכט צו קענען אָפּזאָגן זיך סתם אַזוי, צי מיר וועלן יאָ אָדער נישט קריגן קיין אַנדערן אויף חבר בן־גוריונס פּלאַץ. איך פרעג זיך: צי קען מען שטעלן די גאַנצע מלוכה אויף איין איינציקן מענטשן? טאָמער וועט מאָרגן שטאַרבן דער פּרעמיער, וואָס וועלן מיר דאַן טון, צי וועט די שטול בלייבן ליידיק און נישט באַזעצט פון אַ צווייטן? צי קענען מיר זיין אויסגעשטעלט אויף צופאַלן? ניין, חברים! איך האַלט, אַז אויב חבר בן־גוריון האָט רעזיגנירט, האָט ער דאָס געטון גאַנץ אויסגערעכנט און באַוואוסטזיניק, ער איז גענוג פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין וואָרט און פאַר זיין טאַט. איך האַלט, אַז די רעזיגנאַציע פון חבר דוד בן־גוריון אַלס דער ראש הממשלה זאָל יאָ אָנגענומען ווערן!

3טער רעדנער: איך האָב דאָס אַלץ פאַרגעסן, ד. ב. ג. האָט ווייטער נישט געקענט בלייבן אין דער רעגירונג פון מדינת ישראל, ער האָט זיך געפילט צו ענג, צר לו המקום! אַלץ וואָס ער האָט פאַרשטאַנען פאַר ריכטיק האָט מען אים זיינע פּלענער צעשטערט, אויף אַלע געביטן פון דער לאַנדעס עקאָנאָמיק און פּאָליטיק האָט מען אים באַקעמפט, און דאָס האָבן געטון אַלץ זיינע אייגענע פּאַרטיי־חברים! ד. ב. ג. איז גענוג שטאַרק צו באַקעמפן אַנדערע פירער פון אַנדערע פּאַרטייען, אָבער נישט פון זיינע אייגענע פּאַרטיי־חברים;

דאס וואס ער שרייבט, אז ער איז מיד, דאס איז אלץ נאר פון זיינע אייגענע חברים פון מפא"י. מיר טארן די רעגונסיע נישט אננעמען!!!

4 טער רעדנער: איך האלט, אז מיר זאלן צוזאמענשטעלן א דעלעגאציע פון צען חברים פון פארשיידענע ריכטונגען, פינף חברים פון מפא"י, און מיר זאלן זיך פערזענלעך ווענדן צו בן-גוריונען, אז ער זאל צוריקציען זיין רעגונסיע און זאל ווייטער בלייבן דער פרעמיער-מיניסטער פון דער מלוכה.

סעקרעטאר: מיר געבן א ווארט א רעליגיעזן חבר.

5 טער רעדנער: שעמען ווארט איר אייך געמעגט, ווען איר זייט אזוי שוואך און פילט זיך אזוי אומבאהאלפן! שיקן א דעלעגאציע בעטן אים ער זאל טון א טובה און זאל ווייטער פירן מיט זיין דיקטאטארישן טאן די מלוכה? ניין! מיר זיינען נישט קיין שוואכלינגע און קיין פחדנים, מיר האבן נישט מורא פאר קיינעם. ווער עס וויל מיטגיין מיט בן-גוריונען זאל גיין, די טיר איז אפן פאר יעדן, און ווער עס וויל מיט אונדז בלייבן זאל בלייבן. אל תירא עבדי יעקב! מיר האבן שוין גרעסערס איבערגעלעבט, מיר פלעגן נישט קיין קולט פון פערזאנען, דאס איז עבודה זרה! לא אלמן ישראל! מיר וועלן געפינען ווער עס זאל אנפירן מיט מלכות ישראל. ווען מ י ר וואלטן נישט געמאכט בן-גוריונען פאר אונדזער מנהיג וואלט ער דאס נישט געווארן. אזוי איז עס אין לעבן, חסידים מאכן צום ערשטן א רבין און דערנאך שאפט זיך דער רבי חסידים! בעזרת השם יתברך וועלן מיר חלילה נישט בלייבן אן א מנהיג פון דער מלוכה! ביטחון אין השי"ת און ער וועט העלפן!!!

(א טייל אפלאדירן און א טייל שווייגן און לאזן אראפ די קעפ).

1 טער רעדנער: דער גאנצער ישוב אין מדינת ישראל און במילא אויך דאס וועלט-יידנטום קוקט איצט מיט אלץ וואקסנדיקער שפאנונג אויף דער דראמאטישער געשטאלט פון אונדזער מנהיג הדור, דוד בן-גוריון. איך האב בכיוון באטאנט די ווערטער: דראמאטישע געשטאלט, ווייל בן-גוריון איז אויסגעוואקסן אין אונדזער צייט צו א גרויסער דראמאטישער פיגור און זיינע איצטיקע איבערלעבונגען, צוזאמען מיט זיין שריט איבערצוגעבן די פירערשאפט פון מלכות ישראל, איז פארוואנדלט געווארן אין א מענטשלעכער דראמע פון א מנהיג, וואס זיינע איבערמענטשלעכע מעשים האבן דערמעגלעכט צו רעאלי-זירן זאכן, וואס זיינען אונדז געווען אוממעגלעך, און זיין שריט האט אונדז אלע ארייגעווארפן אין פארצווייפלונג און איבערראשונג.

קיינער פון אונדז ווייס נישט, צי איז דאס דאס לעצטע ווארט פון סגן המיניסטר זיך צוריקצוציען פון דעם מלוכה-רודער און זיך באזעצן אין דעם פארווארפענעם נגב-דארף „שדה בוקר" צווישן די עטלעכע צענדליק אידעאלע חלוצים, וואס שטעלן ערשט די ערשטע שריט אין דער גלעער אומענדלעכקייט פון דער מידבר. דער שכל הישר זאגט אונדז, אז מיר דארפן נאך האבן ביטחון, אז אפשר וועט זיך בן-גוריון פארט אונטערוואוארפן דעם ליידנשאפטלעכן ווילן פון די אויפגערודערטע מאסן און פון דער עפנטלעכקייט צו בלייבן ווייטער

אויף זיין הויכן אמט פון ראש המלוכה. מיר אבער, די חברים פון וועד־הפועל, טארן באין אופן נישט דערלאזן איצטער בן־גוריונען פארלאזן זיין אמט, ווייל קיינמאל נישט ווי איצטער קענען מיר זיך שפילן מיט נייע ניסיונות. דער מאמענט איז צו אחריותפול, סיי פארן ישוב און נאך מערער פאר דער גאנצער מלוכה. בן־גוריון מוז ווייטער בלייבן אויף זיין אמט און מיר אלע מוזן אים שטיין צו אומקאנדיציאנעלן דינסט, ווייל אלץ וואס בן־גוריון טוט איז ער נאר אויסן לטובת דער מלוכה און לטובת דעם גאנצן יידישן פאלק!

(עס לאזט זיך אראפ א שילד מיטן אויפשריפט:

## ויהי דוד לכל דרכיו משכיל וה" עמו

2 טער רעדנער: לאמיר נאכאמאל אדורכלייענען דעם בריוו פון בן־גוריון צום וועד־הפועל, צי זאגט ער נישט אליין, אז א דעמאקראטישע מדינה שטייט נישט און טאר נישט שטיין אויף איין איינציקן מענטשן, ווי גרויס עס זאלן נישט זיין זיינע נאציאנאלע פארדינסטן. וואס וועלן מיר טון, אז בן־גוריון וועט מארגן זיין א הולך חיים לכל חי? וועלן מיר בלייבן אן מלוכה־פירער? ניין, חברים, פערזאנען־קולט איז עבודה זרה! מיר טארן דאס נישט טאלערירן. איך האלט, אז מיר זאלן זיך נאך איין מאל ווענדן מיט דער לעצטער פראגע, יא אדער ניין? און יעדן ענטפער פון בן־גוריון, א פאזיטיוון און אפילו א נעגאטיוון, זאלן מיר אננעמען! די צייט וועט אונדז ווייזן ווער עס האט געהאט א טעות, בן־גוריון אדער מיר?

3 טער רעדנער: דוד בן־גוריון, דער ערשטער פרעמיער פון מדינת ישראל, איז איינער פון די גרויסע יידן, וואס האבן אויפגערודערט די יידישע געשיכטע פון היינטיקן דיברי הימים. ער איז דער גרינדער פון מדינת ישראל און איר ערשטער פרעמיער! אין דער צייט ווען אנדערע פון זיינע פארטיי־חברים און מנהיגים האבן זיך געוואקלט צי מען זאל אין דעם טאג פון ה' אייר תש"ח פראקלאמירן די אומאפהענגיקע יידישע מלוכה, האט אונדז בן־גוריון מיט זיין שטאלענעם כאראקטער און אייזערנעם ווילן געוויזן, אז דער טאג ה' אייר איז געווארן דער היסטארישער יום העצמאות פון יידישן פאלק! בן־גוריון האט זיך אליין געשטעלט בראש פון דער מלוכה און געווארן אויך דער מיניסטער פון ישראלס זיכערקייט און שליח פון יידישן אומרו! מיט אן אומגעצוימטן גלויבן אין זיין ניצחון און מיט א פלאמיקער העזה האט בן־גוריון געגרינדעט א יידישע מלוכה קעגן א וועלט מיט לויטער שונאים און זייער לעבלעבע גוטע פריינד! ער האט געהאט די העזה פון א יידן צו באזיגן גויים, ווי דוד המלך האט געהאט די העזה ארויסצוטרעטן קעגן דעם ריז גליות און האט אים באזיגט. דוד בן־גוריון האט געהאט דעם מוט צו עפענען די טויערן פון א קליין און נאך ארעם לאנד פאר די הונדערטער טויזנטער ברידער און שוועסטער, וואס זיינען אין זייערע לענדער פארפאלגט געווארן נאך דער פראקלא־מירונג פון מדינת ישראל. ער האט זיי געגעבן דערווייל א דירת עראי, וואס

װעט דערנאָך װערן אַ דירת קבע, אויב מיר אַלע און דאָס יידישע פאָלק װעט נאָר װעלן, דאָס איז דער װעג פון דוד בן-גוריון! ער איז אויסגעװאַקסן אין זיין פולער נאַציאָנאַלער גרויס! קיין שום ייד אין אונדזער דור און אין אונדזער נייער צייט האָט נישט איבערגעלעבט מיט אַזאַ טיפן עקזאַטישן ברען דעם װינד און װיי פון אונדזער משיחשער תקופה, דעם געװאַלדיקן דראַנג פון אַזױפיל װעלט-געשיכטע װי דוד בן-גוריון, נרו יאיר! און היינט, װען מלכות ישראל לעבט איבער איינע פון זיינע אחריות־פולסטע מאָמענטן טאָרן מיר נישט לאָזן קומען צו אַזאַ ניסיון און איבערלאָזן די מלוכה-שיף צו אַזאַ קאַפּיטאַן, װאָס זאָל נישט האָבן דעם געװאַלטיקן מוט און כוח װי עס האָט ד.ב.ג.! כ׳װאָרן אייך, איר זאָלט נישט באַגיין אַ שריט, װאָס קען חלילה זיין אַ בכייה לדורות! דער מאָמענט איז צו ערנסט צו גיין מאַכן עקספּערימענטן. בן-גוריון האָט רעזיגנירט, װייל מיר האָבן אים דערצו געצװאָונגען! זיין הויכער אמת האָט געפאָדערט פון אים איינצוגיין אויף פשרות מיט דער קאָאַליציע און מיר, זיינע אייגענע חברים פון מפא"י האָבן אים געשטערט און נישט געלאָזט אים פריי פירן דעם מלוכה-רודער, װאָס איז איצט נייטיק צו פירן װי אַ שיף אויף אַ צעשטורעמטן ים! נעדענקט, חברים! לאָמיר איינגיין אויף פשרות! מדינת ישראל איז װיכטיקער װי אייגענע פּאַרטיי-אינטערעסן! לאָמיר צוזאַמעננשטעלן אַ דעלעגאַציע און בעטן נאָכאַמאָל בן-גוריונען זיך אומצוקערן צו זיין הויכן אמת אין מלכות ישראל! איך בעט מיין פאָרשלאָג צו שטעלן צו אָפּשטימונג!

ס ע ק ר ע ט א ר : אַלזאָ, חברים! דער ענין איז דערשעפּט און מיר שטעלן דעם פאָרשלאָג פון חבר יצחק צו אָפּשטימונג. װער איז דערפאַר צו װענדן זיך נאָכאַמאָל צו חבר בן-גוריון, ער זאָל צוריקציען זיין רעזיגנאַציע און װייטער זיין סגן המיניסטר, דער זאָל אויפהייבן די האַנט? (עס הייבן די הענט 70 פּראָצענט פון די אַנװעזנדיקע) חברים, קלייבט אויס אַ דעלעגאַציע װאָס זאָל גיין צו בן-גוריונען!

ח ב ר : איך לייג פאָר...

(פאָרהאַנג פאַלט)

## בילד 18

אויפשריפט:

# אין דער פריוואַט וואוינונג פון בן־גוריון

(צוויי בחורים און די טעכטער און זון עמוס העלפן איינפּאַקן ביכער אין די קאַסטנס, פּאַלאַ בן־גוריון מיט איר דינסט, די שוואַרצע תימנערן „מ ז ל" פּאַקן איין די שטוב מכשירים אין קאַסטנס. בן־גוריון שטייט ביי זיין גרויסער ביבליאָטעק־שאַפע און קלייבט אויס ביכער און פאַרשיידענע קונסט־בילדער פון ביבלישע טעמעס (דוד מיט האַרפע) סאָר־טירט זיי און גיט זיי איבער די בחורים, מאַכנדיק פאַרשיידענע באַמערקונגען ווי אַזוי זיי איינצופּאַקן אין אָרדענונג. פּאַלאַ גייט אַלע מינוט צו בו־גוריונען מיט אַ געוויסן מלבוש און פרעגט אים עפּעס, ער ענטפערט איר צערטלעך: יאָ אָדער ניין! עס קומען אַריין פאַרשיידענע אַלטע גוטע פריינט זיך געזעגענען מיט בן־גוריונען און זיין פרוי, מען צע־קושט זיך מיט אַ טייל אַלטע פריינט, מיט אַ טייל טרינקט מען אַ לחיים און מען ווינטשט זיך אַ גליקלעכע רייזע, שטאַרקע באַוועגונג אין הויז. אַלע מינוט ווערט בן־גוריון געשטערט פון זיין אַרבעט און מוז זיך געזעגענען מיט זיינע פיל אינטימע און סתם פריינט, דאָס זעלביקע קומען פרויען צו פּאַלאַ בן־גוריון און זי מוז זיך געזעגענען, געבנדיק באַפעלן צו דער דינסט „מזל" זי זאָל דערווייל אַליין סאָרטירן די וועש אין קאַסטנס, אין שטוב מערקט זיך ווי פאַר אַ רייזע, אָנגעשטעלט קופערס און קאַסטנס מיט וואַליזעס, דער הונט לויפט הין און צוריק, ער לאַשטשעט דער דינסט און פרוי פּאַלאַ).

פרוי: (פרעגט פּאַלאַ בן־גוריון) מאַדאַם בן־גוריון, איר נעמט מיט די „עוזרת" קיין שדה־בוקר?

פּאַלאַ: זי וויל אונדז נישט לאָזן פאָרן אַליין, זי זאָגט, אַז זי וועט נישט פריער צוריקפאָרן אהיים ביז זי וועט נישט זעען, אַז מיר האָבן זיך שוין ווי עס איז איינגעאָרדנט.

עוזרת מזל: (ענטפערט לאַכנדיק) כן כן! כן! אני חפצה לגור בשדה בוקר יחדיו עם גבירתי היקירה בן־גוריון!!!

(עס קומען אַריין זשורנאַליסטן מיט פאָטאָגראַפן, מאַכן פאַרשיידענע אויפ־נאַמעס צוזאַמען מיט בן־גוריונען און זיין פרוי, אין דרויסן רעגנט, עס הערט זיך אַ פייפן פון אויטאָמאָביל).

עמוס: אבאַ! עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון זעקס פּערזאָן, פיר מענער און צוויי פרויען, זיי בעטן, דו זאָלסט זיי אויפנעמען.

בן־גוריון: הייס זיי אַריינגיין אין פּרוזדור און זאָג אַז איך וועל זיי באַלד אויפנעמען.. (אַלע אין שטוב געזעגענען זיך אויף גיך נאָכאַמאָל, ווינ־טשנדיק אַ צאתכם לשלום, גייען אַפּ, בן־גוריון באַגלייט זיי און נעמט גלייכ־צייטיק אויף די דעלעגאַציע פון פיר מענער און צוויי פרויען) ברוכים הבאים! אורחים נכבדים! (בעט זיי זיצן).

א ל ע : שלום וברכה אדון בן-גוריון!

ר א ש  ה מ ד ב ר י ם : חבר און סגן-המיניסטר בן-גוריון! מיר, א דעלעגאַציע פון די הויפּט-פּאַרטייען און ריכטונגען אין מדינת ישראל, זיינען די שליחי ציבור, געשיקט געוואָרן צו אייך, איר זאָלט צוריקציען אייער רעזיגנאַציע און בלייבן ווייטער אויף אייער הויכן אַמט פון סגן-המיניסטר פון מלכות ישראל!

פ ר ו י  פ ו ן  ד ע ר  ד ע ל ע ג א צ י ע : מיר זיינען געשיקט פון דער מועצת הפּועלות", פון „הדסה" און פון „ויצו" אויסדריקן פאַר אייך אונ-דזער גרויס באַדויערן אויף אייער שריט און בעטן אייך אונדז נישט צו פאַרלאָזן, נאָר ווייטער אָנהאַלטן אייער הויכן אַמט, וואָס איר האַלט אָן מיט אַזויפיל ווירדע פינף יאָר צייט און פאַרשאַפט אונדז און דעם גאַנצן יידישן פאָלק אַזויפיל כבוד! אדון בן-גוריון! מיר בעטן אייך, אל תעזבנו!

ב ן - ג ו ר י ו ן : איך באַדויער שטאַרק פון מיין טיפן האַרצן, וואָס איך קען, ליידער, נישט נאָכקומען אייער הייסע בקשה! גלייבט מיר אויך, אַז איידער איך האָב אָנגעשריבן און צוגעשיקט מיין רעזיגנאַציע האָב איך פיל נעכט נישט געשלאָפן (פּאַלאַ בן-גוריון שאָקלט צו מיטן קאָפּ) איך האָב מיט זיך אַליין געקעמפט, צי זאָל איך אַזאַ שריט באַגיין אינעם איצטיקן מאָמענט?! עס איז זיכער דאָ נישט דאָס פּלאַץ פאַר אייך ווידעראַמאָל אויפצווויקלען די אַלע ווייטיקלעכע פּראָבלעמען, ווייטיקלעך פאַר אייך און נאָך מערער פאַר מיר. אָבער איך האָב ווייטער נישט געקענט בלייבן אויף מיין אַמט. איר וועט זיך אין דעם איבערצייגן שפּעטער מיט אַ צייט. איך, צוזאַמען מיט מיין געטרייער פּאַלאַ, זאָל געזונט זיין, פאָרן מיר קיין שדה-בוקר. מיר וועלן זיך דאָרט באַזעצן, דאָס איז אַ ניי פּלאַץ אין נגב, אַז אומפּאַרטייאישער קיבוץ. דאָרט וועל איך זיך קענען פריי אויסלעבן. איך וועל זיך קענען אַ ביסל באַפרייען פון די פּאַרטייאישע סיכסוכים און רייבונגען. איך וועל צוריק ווערן יונג (מיט אַ שמייכל) און וועל אַרבעטן אַזוי ווי איך האָב דאָס געטון מיט 40 יאָר צוריק. איך וועל ווערן צוריק אַ פּאַסטוך און ערד-אַרבעטער! אַזוי וועל איך גלייכצייטיק, האָף איך, דינען ווי אַ מוסטער פאַר דער יידישער יוגנט פון אַרץ און פון הוץ לאָרץ, צו קומען באַזעצן זיך אין נגב וואו איך וועל האָפנטלעך קענען אַנשרייבן מיין לעבנס-ווערק: „פון סעדזשעראַ ביז שדה-בוקר". איך בעט אייך, טייערע מיינע! לאָזט מיך פריי אויף אַ צוויי-דריי יאָר! איך האָב געזאָגט אין מיין פאַרביטערונג: מי יתן לי מלון אורחים במדבר! אָבער איך האָב נישט גע-זאָגט: אעזבה את עמי, חלילה! לאָזט מיך איצטער פריי אַוועקגיין פון ירושלים קיין שדה-בוקר און זאָל גאָט געבן, אַז דער ממלא מקומי זאָל מצליח זיין בכל דרכיו, לטובת עם ישראל און לטובת מדינת ישראל! (פרויען ווישן אַ טרער).

א ל ע : אמן ואמן! (נייען אָפּ מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיך געזעגנדיק) שלום! שלום! שלום!!!

ב ן - ג ו ר י ו ן : (צום זון) עמוס, יקירי! גיב מיר מיין אַלבום, איך

בעט דיך, איך וויל דארט עפעס אריינשרייבן, איידער מיר פארן אוועק קיין שדה-בוקר.

ע מ ו ס : (דערלאנגט אים א גרויסן אלבום) אט האסטו, אבא געטרייער! קען איך זעען, אבא חביבי, וואס דו שרייבסט אין אלבום?

ב ן - ג ו ר י ו ן : יא, טייערער זון מיינער! דו און אלע קענען לייענען וואס איך שרייב איצטער אין מיין אלבום, ספר-היום, (שרייבט און לייענט) זכרתי לך חסד נעוריך, אהבת כלולותיך, לכתך אחרי במדבר, בארץ לא זרועה. תל-אביב, ח" בטבת, תשי"ד.

ע מ ו ס : (לייענט נאכאמאל איבער בקול רם) זכרתי לך...

(האלדזט ארום זיין פאטער און צעקושן זיך, פאלא און די קינדער, טעכטער און איידעמס, ווישן די אויגן).

ש ל י ח פ ו ן ר א ד י א „ק ו ל י ש ר א ל" : איך בין געשיקט געווארן צו אייך, שר בן-גוריון; מיר ווילן, איר זאלט אייך געזעגענען מיטן פאלק, דורך ראדיא „קול ישראל" איידער איר פארט אוועק קיין שדה- בוקר!

ב ן - ג ו ר י ו ן : יא, איך טו דאס מיט גרויס פארגעניגן, איך וויל מיך געזעגענען מיט דער יוגנט פון מדינת ישראל און איבערהויפט מיט דער יוגנט פון דער גאנצער יידישער וועלט.

(עס ווערט אויף א ווײַלע פינצטער, בן-גוריון שטייט שוין פארן מיקראפאן פון ראדיא „קול ישראל", ארום אים שטייען די פני פון דער רעגירונג און פון זיין פארטיי).

## בילד 19

בן - ג ו ר י ו ן : „אין מלים בפי להביע את אשר מרגיש לאומה על אמונה בי כראש-הממשלה מאז קמה המדינה עד היום.

אני מאמין בכל לבי בעם ישראל בכל מקום שהוא. יהודי העולם עמדו לימין ישראל בימים שעברו והם יהיו עמנו גם בימים הבאים.

כאשר קמה המדינה נפתח לב היהודים בכל העולם ומעין חזק של אהבה גדולה נהר אלינו מתוך הלב היהודי הזה. אלפים מתנדבים יותר מחמישים ארצות באו אלינו לעזור לנו במלחמת-החדות שלנו. — — — קשה לי מאד להפרד מצבא ההגנה לישראל. ראיתי את הצבא הזה בראשיתו, לפני שנים רבות, כאשר יצאתי יחד עם חברי לחרוש את שדות הגליל והרובה על שכמנו ביום ובלילה. מאז גדל כח הצבא שלנו והוא הביא כבוד ונצחון לישראל, ביום מלחמת עם הערבים, ביבשה, בים ובאויר. — — —

בשלשת הדורות האחרונים הבאנו מהפכה גדולה בחיי עמנו. אנחנו קבצנו

פרורי — אדם מכל הארצות ולכדנו אותם לעם הבונה את עתידו בידי עצמו. בעבודה קשה בנינו בארצנו השוממה כפרים וערים, נטענו גנים, הקמנו בתי-חרושת רבים ויצרנו לנו חיי-כלכלה ישראליים שלא היו לנו כמוהם בכל ארצות הגלות. אנחנו נפחנו חיים חדשים ללשוננו העברית המתה והפכנו בליל לשונות ובליל שבטים שונים לעם אחד ושפה אחת.

לאחר כל הגדולות שעשינו בשלשה דורות, אנו יודעים כי יש בנו הכח להפריח את המדבר ולהקים ערים וכפרים פורחים בכל רחבי הנגב. — — —

עם קטן אנחנו. אך היה היינו וגם נהיה תמיד עם מיוחד ועם נצחי ברוחנו ובמשאת-נפשנו. מעשים גדולים וכבירים עומדים ומחכים לנו לעשותם בימים יבואו — — — ואנחנו נעשם!"

(עס ווערט ווידער אויף א מינוט פינצטער און בן-גוריון געפינט זיך צוריק אין זיין דירה. מען האלט אין פאקן די ביכער און זאכן. די מענטשן, וואס זיינען געקומען זיך געזעגענען גייען איינציקווייז אפ מיט: שלום וברכה! מען הערט הינטער די קוליסן, פון ווייט, א כאר געזאנג פון לעוואנדאווסקים „הללויה!" מען הייבט אן ארויסטראגן די קאסטנס ביכער, בילדער און זאכן. ביי די לעצטע טענער פון: „כל הנשמה תהלל יה, הללויה!" לאזט זיך אראפ פון דער הייך א גרויס בוך מיטן אויפשריפט ת נ ך. עמוס נעמט דאס אראפ און גיט עס איבער דעם פאטער. בן-גוריון נעמט דעם תנך אונטערן ארעם און עס הייבט זיך אן דער ארויסמארש: צום ערשטן דוד און פאלא בן-גוריון; דערנאך די טעכטער און זון מיט די איידעמס און שנור, דערנאך די בחורים מיט קאסטנס און די „עוזרת", די תמנערן מ ז ל, זי האלט ביי דער זייט דעם הונט. די בינע פון פארנט ווערט האלבטונקל, אין הינטערגרונט ווייזט זיך צוריק, ווי אין פראלאג, די אויפגייענדיקע זון. צום סוף גייט דער מליץ מיט א גרויסן טראנספאראנט אויפשריפט: ו י ה י ד ו ד ל כ ל ד ר כ י ו מ ש כ י ל ו א ד נ י ע מ ו. שטארקע מוזיק-אקארדן און כאר-געזאנג: הללויה! הללויה! פארהאנג פאלט פאמעלעך, אונטער די קלאנגען פון „הללויה").

**בילד 20**

אויפשריפט:

# קבלת-פנים אין שדה־בוקר

אין ווייטן נגב, מידבר־דיקער אויסזען אין גאנצן ארום, אין הינטערגרונט זעט מען ווי אין ערשטן קינא־בילד, א קאראוואן פון קעמלען געפירט פון בעדואינער, אין פאדער־גרונט זעט מען א הילצערן באראק וואו עס דארף וואוינען בן־גוריון. פוןביידע זייטן באראק זיינען פארפלאנצט 2 קליינע ביימלעך. אין דער רעכטער זייט שטייט א הילצערנער סלופ מיט א שילד וואס זאגט ש ד ה ־ ב ו ק ר. עס איז א גערודער, מען גרייט זיך אויפצונעמען דעם חשובן נייעם גאסט. א גיגאנטישער טראנספאראנט הענגט איבער דעם הויז וואס לויטעט: ב ר ו כ י ם ה ב א י ם ל נ ג ב ! א מיידעלע פון א יאר 8 שטייט גרייט מיט א בוקעט בלומען אין האנט. עס הויבן אן אנקומען גרופן שול־קינדער מיט זייערע מורים און מורות. זיי קומען אן אין פולער ארדענונג, האלטנדיק די ווייס בלויע פענדלעך אין די הענט. יעדע קאלומנע האלט איין גרויסע פאן. איין לערערקע רעדט:

ל ע ר ע ר ק ע : קינדער, תלמידים ותלמידות! אט באלד קומט אן אהערצו אונדזער גרויסער מנהיג און לערער דוד בן־גוריון מיט זיין פרוי! זיי קומען אהערצו נישט ווי צייטווייליקע געסט, נאר על מנת להשתקע. דוד בן־גוריון, וועלכער האט אנגעהויבן זיין לעבן בארצנו אלס פאסטוך און רועה צאן, אלס ארבעטער אויף די כבישים, וויל היינט, נאך פינף יאר צייט שטיין אין דער שפיץ פון דער מלוכה און פון מדינת ישראל, זיך אומקערן צו דער ארבעט אין נגב, וואס איז די גרעסטע האפענונג פאר מדינת ישראל! לאמיר אויפנעמען אונדזער מדריך מיט געזאנג „הבאנו שלום עליכם"!

(די קינדער הייבן אן זינגען: הבאנו שלום עליכם דוד בן גוריון וזוגתו! עס קומט אן ד. ב. ג. געארעמט מיט זיין פרוי פאלא)..

א ו י ס ג ע ש ר יי ע ן : יחי בן־גוריון! ברוך הבא בן־גוריון!

(דאס מיידעלע גיט איבער בן־גוריונען דעם בוקעט בלומען, בן־גוריון נעמט דאס קינד ביים האנט, גיט איבער דעם בוקעט זיין פרוי פאלא און ביידע נעמען זיי אן דאס קינד און שפרייזן דערמיט ווי מיט א חברטע. דער עולם איז באגייסטערט, פאטאגראפן ארבעטן שווער און מאכן פארשיידענע אויפנאמעס. די שכנים וואס וווינען אין די באראקן אין הינטערגרונט אויף די ברוינע בערגלעך זיינען אלע אויפן גאס. די פרייד איז אומבאשרייבלעך. מען פירט אריין בן־גוריונען און פרוי פאלא אין זייער נייער וואוינונג. די תימנעריןֹ, די עוזרת „מ ז ל" העלפט איינציקווייז אויספאקן די זאכן, צוויי שווארצע תימנער חלוצים העלפן אויספאקן די קאסטנס ביכער, אין גאס ווערט שטילער, די קינדער מאר־שירן אפ מיט געזאנג. צוויי שומרים שטעלן זיך אוועק ביים אריינגאנג פון הויז, וואס איז ברייט צעעפנט).

עס פאלט אן אויפשריפט:

**זכרתי לך חסד נעוריך אהבת כלולותיך לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה**

מ ל י ץ : (פון דער זייט) אזוי זיינען אונדזערע נביאים אוועק אין דעם מידבר, כדי מיט זייער פשטות צו דינען אלס מוסטער פאר די פאלקס-מאסן. די יוגנט אין ישראל און די יידישע יוגנט פון דער גאנצער וועלט קוקט מיט באַגייסטערונג אויף בן-גוריונען. זיי הערן זיין רוף נאָכצוגיין אים אין זיינע וועגן אין „נגב".

(בן-גוריון זעצט זיך אוועק ביים שרייבטיש, טוט אויס דאָס רעקל, בלייבט אין שנייוויייסן העמד, צעקנעפלט ביים האַלדז, זיין פּאַלא זעצט זיך לעבן אים).

ב ן - ג ו ר י ו ן : (מיט גרויס צערטלעכקייט) אט דאָ, אין שדה-בוקר, וויל איך אנשרייבן מיין לעבנס-ווערק „פון סעדזשעראַ ביז שדה-בוקר". איך בעט נאָר ביים בורא עולם, ער זאָל מיר געבן געזונט און כוח, און אז מיר זאָלן הערן בשורות טובות פון ירושלים און פון כל תפוצות ישראל!

פּ א ל א ב. ג. : אמן! דוד, איך וועל דיך תמיד באַגלייטן אין דיין שווערן לעבנס-וועג, אזוי ווי איך האָב דאָס געטון 33 יאָר. זאָל אונדזער נייע וואוינונג אין שדה-בוקר אונדז ברענגען מזל און ברכה! איך בין תמיד מיט דיר, דוד!

ב ן - ג ו ר י ו ן : דו, פּאַלא יקירי און אויך דער ספר הספרים (נעמט אים אין האַנט) דער ת נ " ך!

(מען הערט ווייטע אקאָרדן פון פּיאַנאָ באַגלייט, פאָרהאַנג פאַלט, עס דערשיינט אין פאָדערגרונט דער מליץ).

מ ל י ץ : (לייענט פאָר) און אַט הערט די מיינונגען פון חכמי אומות העולם וועגן בן-גוריונען: עס שרייבט דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ענגלישער לייבאָר-פּאַרטיי:

„אזוי ווי די אַמאָליקע נביאים פון ישראל אזוי איז בן-גוריון אוועק אין דער מידבר, אָפּגעזונדערט זיך פון אַלע, כדי צו קענען רואיק אדורכטראַכטן זאַכן פונדאַסניי. היינטיקע צייטן איז גאַרנישט קיין געוויינלעכע זאַך צו זעען, אז אַ פּרעמיער זאָל זיך אַליין אָפּזאָגן פון זיין אַמט און אוועקגיין אויף אַ פּאָר יאָר אין דער ווילדעניש — — — אין אַ ווייטער פאַרוואָרפענער קאָלאָניע אין מיטן דער מידבר".

„בן-גוריון, דער סאָציאַליסטישער הויפּט פון דער ישראל רעגירונג, איז אָבער אַן אומגעוויינלעכער מענטש, ער איז אַן אויסגעהאַלטענער שטאַטסמאַן, מוטיק און רידעקט. זיין אויסלענדישע פּאָליטיק איז תמיד געווען באַזירט אויף ישראלס נאָענטער קאָאָפּעראַציע מיט די פּראָגרעסיווע כוחות פון דער מערב-וועלט. מיר גלייבן נישט אַז, בן-גוריון וועט אינגאַנצן שוין אוועק פון דעם לעבן פון זיין פאָלק. מיר דערוואַרטן פון אים אַ נייעם אַנזאָג אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן לעבן פון די פעלקער פון דער וועלט און פון פאָלק ישראל".

עס שרייבן אַנדערע זשורנאַלן און צייטונגען וועגן בן-גוריונס מעשים אין משך פון די פינף שווערע יאָרן, וואָס ער האָט אָנגעפירט מיטן מלוכה-רודער פון מדינת ישראל; עס ווערט געמאַכט אַ קורצער סך-הכל און עס ווייזט זיך אַרויס,

אז אין דער דאזיקער רעלאטיוו קורצער צייט זיינען אנגענומען געווארן א גרויסע צאל פונדאמענטאלע געזעצן ווי:

1) דאס געזעץ וועגן אויפשטעלן „צבא הגנה לישראל";
2) דאס באשטימען דעם טאג פון ה"אייר אלס „יום העצמאות";
3) דאס געזעץ פון איינהייטלעכער דערציאונג;
4) דאס געזעץ פון אבליגאטארישער פאלקסשול;
5) דאס געזעץ וואס גיט א באזונדערן סטאטוס פאר דער ציוניסטישער וועלט-באוועגונג;
6) דאס געזעץ פון מיליטער-דינסט פאר מענער און דער „שירות לאומי" פאר פרויען;
7) דער „חוק השבות" — דאס געזעץ וואס גיט יעדן יידן אין די תפוצות דאס רעכט זיך אומצוקערן קיין ישראל, און נאך פיל אנדערע קלענערע געזעצן פון וויטאלער באדייטונג, סיי פאר מדינת ישראל און סיי פאר יידן פון דער גארער וועלט.

אלע גיבן צו פאלגנדעס:

„דער פלאץ פון דוד בן־גוריון אין סאמע אויבן-אן פון דער יידישער גע-שיכטע איז געזיכערט; צום גליק פון דער מדינה איז בן-גוריון אויף לאנגע יאר צווישן די לעבעדיקע און וועט פון זיין צוריקגעצויגנקייט אין שדה-בוקר דאך באאיינפלוסן די טעטיקייט פון דער נייער רעגירונג, וואס וועט, לאמיר עס האפן און ווינטשן, געפינען דעם ריכטיקן סינטעז צווישן אויפשוואונג און קאנסאלא-דאציע, ווי דער מאמענט פאדערט עס".

בן-גוריון אליין האט געזאגט און געשריבן פאלגנדיקן אמת, „די פערמא-נענטע און פעסטע היסטארישע כוחות אינעם אויפבוי פון דער מדינה (מיר האלטן ערשט ביים אנהייב) זיינען צוויי: ערשטנס די משיחישע בענקשאפטן פון יידישן פאלק און צווייטנס די חלוצים פון פארווירקלעכונג — די עולים, וואס זעצן אליין דורך די ארבעט פון בנין הארץ, נאר ווי גרויס עס זאלן נישט זיין די פארדינסטן פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, אין דער שאפונג פון דער מדינה — איז דער עיקר די שאפונג גופא און נישט דער זכות פון די שעפער".

מיטן אוועקגיין פון בן-גוריון קיין שדה-בוקר ווייזט ער א ביישפיל פון באנייען דאס חלוציות און פון אריינשטראמען פון נייע טויזנטער און טויזנטער חלוצים קיין ישראל!

יידן פון דער גארער וועלט, חלוצים פון אלע לענדער, קומט און העלפט מיט צום אויפבוי פון דער מדינה, מיט דעם וועט איר שטארקן און דערהייבן דאס חשיבות פון אייך און פון דער נייער און יונגער מדינת ישראל!!!

**כה אמר דוד בן־גוריון!!!**

# עפּילאָג

**בילד 21**

אויפשריפט:

## 1 9 5 6
# אין שדה-בוקר

פון פּאָרנט דאָס הויז פון בן־גוריון. די טירן פאַרמאַכט. די צוויי ביימלעך פון ביידע זייטן הויז זיינען שוין, אין משך פון די דריי יאָר זיך צעוואַקסן, הויך און דיק. אַ שומר שטייט פאַר דער טיר אויף דער וואַך. 6 אַזייגער פאַרנאַכט. עס הערט זיך פון אינעווייניק שפּילט אַ פּיאַנאָ. אַן אידילישע רואיקייט אַרום. פון צייט צו צייט גייט אַדורך אַ מענטש. אין הינטערגרונט זעט מען ווי די אַרבעטער מיט די שפּאַדליעס און אויך פּאָסט־טוכער גייען פון דער אַרבעט מיט געזאַנג. עס קומט אָן דער פּאָסט־טרעגער מיט אַ פּאַק בריוו און צייטונגען. דער שומר טוט אַ קלינג און עס קומט אַרויס די פרוי פּאַלאַ ב. ג. זי נעמט איבער פון פּאָסט־טרעגער די קאָרעספּאָנדענץ. גייט צוריק אַריין אין הויז, לאָזט צעפּראַלט די טירן, אַזוי אַז מען זעט אַלץ וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין הויז. עס הערן זיך פון ווייטן די אויסגעשרייען: שלום! שלום! להתראות! שלום! עס קומט אָן בן־גוריון פון פעלד, האַלט אַ פּאַסטוך־שטאָק אין האַנט און טראָגט אַ רוק־זאַק אויף די פּלייצעס. אַ פּאָר אייזל־פירער מיט פּעק סחורות קומען אָן, זיי באַגריסן בן־גוריונען בקול רם, שלום! שלום! שלום! שלום בן־גוריון! ער ענטפערט צערטלעך, שלום! אחי וחברי! דער שומר טוט אַ דרוק אין גלעקל ביי דער טיר, עס קומט תיכּף אָן פּאַלאַ בן־גוריון, זיי באַגריסן און צעקושן זיך, שלום!).

ב ן - ג ו ר י ו ן: מה נשמע, פּאַלאַ טייערע?

פּ אַ ל אַ: הכּל בסדר! עס איז ערשט אָנגעקומען אַ סך קאָרעספּאָנדענץ, צייטונגען און בריוו. (זי גיט אים איבער די בריוו).

ב ן - ג ו ר י ו ן: אַ הערלעכער טאָג היינט! (ער מאַכט זיך באַקוועם,

פרוי ב. ג. טראגט אים צו א גלאז מילך מיט קיכלעך, ער טרינקט און בייסט איבער, אין איין ווענס קוקט ער די בריוו). פאלא! פאלא! (זי קומט) דוכט זיך, אז מיר קריגן היינט געסט. זע וואס עס שרייבט מיר יצחק פון ירושלים! (ער לייענט איר פאר) „טייערער דוד מיינער! זיי גרייט אויפצונעמען א גרויסע דעלעגאציע פון ירושלים, וואס קומט צו דיר קיין שדה-בוקר דעם 18טן ד״ח. די דעלעגאציע וועט באשטיין פון אלע פארטייען און ריכטונגען פון ישוב. אויף אלע וואל-מיטינגען, סיי אין ירושלים און אין תל-אביב, און סיי אין אנדערע שטעט און אין די קיבוצים, איז פראקלאמירט געווארן דער הייסער באגער פון ישוב, אז דו זאלסט זיך אומקערן קיין ירושלים און איבערנעמען צוריק דעם הויכן אמט פון סגן המיניסטר פון מלכות ישראל. געדענק, דוד טייערער, עשה עמנו חסד און נעם אויף די דעלעגאציע פון ישוב אזוי ווי דו קענסט. הער זיך צו איצטער צו דער שטים פון פאלק, ווייל קול המון כקול שדי! מיינע הארציקע גרוסן פאר דיר און פאר דיין ליבער פאלא! דיין יצחק״. נו, וואס זאגסטו, פאלא? וואס טוט מען?

פ א ל א : דוד, טייערער! אזוי איז דער ווילן פון פאלק, און מיטן פאלק ביסטו תמיד געגאנגען און וועסט ווייטער גיין, און זאל דיין צוריק-וועג קיין ירושלים זיין מיט הצלחה! (בן-גוריון טוט איר א קוש און קאפ, זי ווישט א טרער).

ב ן - ג ו ר י ו ן : אבער איך האלט אין שרייבן מיין לעבנס ווערק: „פון סעדזשערא ביז שדה-בוקר״ און דאס קען איך נאר ענדיקן בעזרת השם דא, אין דער רואיקער שדה-בוקר און נישט אין ירושלים. איך וועל דאס מוזן פריי און אפן דערקלערן! און זאלן זיי באשליסן ווי אזוי זיי פארשטייען!

(עס הערן זיך פון ווייטן אויסגעשרייען: יחי בן-גוריון! שלום! יחין! עס הייבן אן אנקומען מענער און פרויען פון פארשיידענע עלטער, צווישן די דעלעגאטן איז אויך פאראן א רב פון „אגודת ישראל״ אין זיין רבישן לבוש, חלוצים אין קורצע הויזן, סאלדאטן און מיידלעך פון ח. נ. עס איז שטארק קענטיק דער קאלאריט פון דער גרויסער דעלעגאציע, וואס מאכט אן אימפאזאנטן איינדרוק, מען זעט ווי בן-גוריון איז גערירט און פאלא שטייט אן אומבאהאלפענע, אלע דעלעגאטן גיבן אפ בן-גוריונען שלום! די פרויען צעקושן זיך מיט פאלא בן-גוריון, די שומרים שטעלן גלייך אוועק א לאנגן טיש מיט בענק פון דרויסן לעבן די ביימער אין פארערגרונט).

ב ן - ג ו ר י ו ן : אורחים ניכבדים! זוגתי פאלא און איך וועלן אייך היינט אויפנעמען אט דא אינדרויסן, דער טאג איז היינט א הערלעכער און מיר וועלן, קודם כל, אייך מכבד זיין מיט משקה און צוביים.

א ל ע : תודה רבה! (פאלא, די תימנערן מ ז ל און בן-גוריון אליין ברענגען צום טיש פלעשער מיט געטראנק און צוביים).

ד ע ר ר ב : לחיים שר הממשלה רב דוד בן-גוריון! איך ווינטשט אייך אריכת ימים ושנים צוזאמען מיט אייער חשובער פרוי, און מיר זאלן זוכה זיין בקרוב אייך זעען אין ירושלים!

א ל ע : (בקול רם) אמן! אמן! אמן!

ז ק ן ה צ י ו נ י ם : (עלטערער ציוני פון די ותיקים) לחיים דוד בן-גוריון! (גיט אים די האַנט, רעדט ציטערדיק) מיר זיינען געשיקט געוואָרן, נישט פון קיין פּאַרטיי און נישט פון איין שטאָט און נישט פון איין קיבוץ; מיר זיינען די שליחי ציבור פון גאַנץ מדינת ישראל! מיר ווילן אייך זען צוריק אַלס דער סגן און ראש המיניסטר פון מלכות ישראל! מיר אַלע זאָגן און בעטן אייך: לירושלים עירך תשוב ותשכון בתוכה! מיר זאָגן אייך, נישט לשנה הבאה, נאָר בשבוע הבאה בירושלים!

א ל ע : (באַגייסטערט) יאָ, יאָ, יאָ, בשבוע הבאה בן-גוריון בירושלים!!!

ח ל ו ץ : לערער און מנהיג בן-גוריון! איך הייב דעם כוס פאַר אייער געזונט! מיר בעטן אייך צוריק אומצוקערן זיך קיין ירושלים, אַזוי ווי איר האָט אונדז צוגעזאָגט מיט דריי יאָר צוריק! מיר דאַרפן אייך האָבן און וואַרטן אויף אייער קומען בכליון עינים! לחיים! להתראות בקרוב בירושלים!

ס א ל ד א ט : לחיים, גענעראַל בן-גוריון! מיר האָבן שטענדיק מיט דער גרעסטער דיסציפּלין אויסגעפאָלגט אייערע באַפעלן, וואָס האָבן אונדז געבראַכט ניצחונות. היינט זאָלט איר אויסהערן אונדזער באַפעל, דעם באַפעל פון „צבא הגנה לישראל": קערט זיך אום קיין ירושלים!!! אז ימלא שחוק פינו ולשונינו רינה!!! לחיים! להתראות במהרה בירושלים!!!

(ווען דער סאָלדאַט האָט גערעדט האָט זיך בן-גוריון געשטעלט אין אַ האַלב-מיליטערישער פּאָזע, און ווען דער סאָלדאַט האָט געענדיקט, האָבן אַלע פּרענעטיש אַפּלאָדירט און מיט התלהבות אויסגעשריגן: להתראות במהרה בירושלים!!!)

ב ן - ג ו ר י ו ן : (נאָך אַ קורצער פּויזע און געדריקטער שטימונג) מיינע טייערע און חשובע געסט, פאַרשטייער פון מדינת ישראל! (שטאַרק גערירט) איך בין טיף גערירט פון אייערע ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגערעדט געוואָרן מעימקא דליבא. דאָס איז די גרעסטע סאַטיספּאַקציע אין מיין לעבן, וואָס איך האָב אפילו קיינמאָל נישט געחלומט. איך האָב דאָן מיט דריי יאָר צוריק צוגעזאָגט, אַז איך פאַרלאָז מיין אַמט נאָר צייטווייליק, אָבער איך וועל זיך אומקערן קיין ירושלים. מיט מיין גיין קיין שדה-בוקר, ווייסט איר, האָב איך געוויזן אַ ביישפּיל פאַר דער יוגנט און פאַר אַלע אַנדערע עולים, ווייל אין נגב ליגט אונדזער גאַנצע האָפענונג. און איך האָב שוין דערלעבט צו זען גוטע פּערספּעקטיוון און רעאַלע מעשים אין נגב; עס וואַקסט אַ גרויסער נגב, גרויסע קוואַלן פון הכנסות וועט אונדז געבן דער נגב. מיר האָבן דאָ אַנטדעקט געוואַלדיקע אוצרות, און צוזאַמען מיט די אוצרות האָבן מיר אַנטדעקט דעם גרויסן ווילן פון פאָלק צו קומען אונדז העלפן אויפבויען די מדינה. איך וועל מיין וואָרט האַלטן, כאשר הבטחתי, איך וועל צוריק גיין קיין ירושלים, אַזוי ווי עס בעט מיך מיין טייערער חבר יצחק, דער נשיא פון ישראל. איך וועל זיך היינט צוהערן צו די שטימען פון די מאַסן, ווייל ק ו ל ה מ ו ן כ ק ו ל ש ד י !!! אָבער איר זאָלט אַלע ווייטער ממשיך זיין דעם וועג „פ ו ן י ר ו ש ל י ם

בייז שדה-בוקר" לכו לשלום! תודו רבה! זאגט אלעמען, אז מיר קומען צוריק קיין ירושלים, במהרה קומען מיר קיין ירושלים!

אלע: (מיט פרייד) יחי בן-גוריון! מיט מזל און ברכה, להתראות בקרוב אין ירושלים!

(אויפשריפט — שטארק באלויכטן)

## קול המון כקול שדי

אלע געזעגענען זיך מיט פרייד: שלום! להתראות בקרוב בירושלים!

(גייען אפ מיט געזאנג פון: עוד לא אבדה תקותינו! בן-גוריון און זיין פרוי פאכען לאנג מיט די ווייסע טיכלעך אין דער הייך און עס הערן זיך שטארקע אקארדן פון „התקוה", פארהאנג פאלט פאמעלעך).

סוף

אויפפירן נאָר מיט דער דערלויבעניש פון מחבר; אדרעס:

Wolf Bresler
Sucre 1355
Buenos Aires
Argentina

# "CUANDO BEN GURION SE ESCAPO"

por Wolf Bresler



Buenos Aires, Marzo de 1954.

געדרוקט אין 1.000 עקזעמפלארן

